ראַבינדראַנאַט טאַגאָר

# שפּעטזומער

פון ענגליש
ה. ד. נאָמבערג

פאַרלאַג קולטור־ליגע / וואַרשע

איבערדרוקן פֿאַרבאָטן / געדרוקט אין צוויי טויזנט
עקז. / וואַרשע, תּרפּ״ב / געזעצט ביי פֿאַרביאַזש
לעשנאָ 37 / געדרוקט ביי י. הענדלער, דלוגע 26.

Rab. Tagor—Szpet-Zumer / Tłom. H. D.
Nomberg / Wyd. Kultur-Lige, 1922
Druk. I. Hendlera, Warszawa, Długa 26.

## א

בײַפֿעל, און איך װעל צוזאַמענקלײַבן מײַנע פֿרוכטן צו ברענגען זײ פֿולע קױשן אין דײַן הױף, כאָטש אַ טײל פֿון זײ איז פֿאַרדאָרבן און אַ טײל איז ניט צײַטיק נאָך.

װײַל שװער באַלאָדן מיט פֿיל שפֿע איז איצט די צײַט, און אין שאָטן קלינגט טרױעריק דעם פּאַסטוכס פֿײַפֿל.

באַפֿעל, און איך װעל מײַן שיפֿל לאָזן איבערן טײַך. דער ניסן־װינט איז אַ טריבער און ער צערודערט די מידע כװאַליעס מיט אַ געמורמל.

דער גאָרטן האָט אַלצדינק פֿון זיך אַװעקגעגעבן, און אין דער מידער שעה פֿון אָװנט קומט דער רוף פֿון דײַן הױז בײַם ברעג אין זון־אונטערגאַנג.

## ב

יוגנט־צייט איז מיין לעבן געגליכן געווען צו אַ בלום — אַ בלום, וואָס פאַרלירט אַ בלאַט צי צוויי פון איר רייכקייט און פילט קיינמאָל נישט דעם פאַרלוסט, ווען דער פרילינג־ווינט קומט בעטלען ביי איר טיר.

איצט, ביים סוף פון דער יוגנט, איז מיין לעבן געגליכן צו אַ פרוכט, וואָס האָט גאָרנישט מער אָפּצושפּאָרן, און וואַרט נאָר זיך אינגאַנצן אָפּצוגעבן מיט דער פולער משא פון איר זיסקייט.

## ג

צי נאָר פּאַר די פרישע שפּראָצונגען איז דעם זומערס יום־טוב און נישט אויך פאַר בלעטער פאַרוועלקטע און בלומען פאַר־טריקנטע?

און דאָס ליד פול הארמאָניע פון ים, צי איז עס נאָר ביי די כוואַליעס, וואָס שטייגן?

צי זינגט עס נישט אויך אין די כוואַליעס, וואָס פאַלן?

דימענטן זיינען אויסגעזעצט אין דעם דיוואַן, ווו מיין קעניג שטייט, אָבער געדולדיק וואַרטן שטיקער ערד אָנגערירט צו ווערן פון זיינע פיס.

קליין איז די צאָל פון די קלוגע און גרויסע, וואָס זיצן ביי מיין האַר, ער אָבער האָט דעם נאַרישן גענומען אין זיינע אָרעמס, און האָט מיך געמאַכט פאַר זיין דינער אויף אייביק.

ד

איך האָב אויפגעוואַכט און האָב געפונען זיין בריוו מיטן פרימאָרגן. איך ווייס נישט, וואָס איז אים שטייט געשריבן, ווייל איך קאָן נישט לייענען.

איך וועל לאָזן צורוף דעם געלערנטן מאַן מיט ווייסע ביכער. איך וועל אים נישט שטערן, ווייל ווער ווייסט, צי ער קאָן לייענען, וואָס דער בריוו זאָגט.

לאָזט מיך אים האַלטן ביי מיין שטערן און צודריקן צו מיין האַרץ.

ווען די נאַכט קומט אָן מיט שטילקייט און די שטערן באַווייזן זיך איינער נאָכן צווייטן, וועל איך אים אויסשפרייטן אויף מיין שויס, און שטיל וועל איך בלייבן.

די בלעטער, וואָס מורמלען, וועלן אים לייענען הויך פאַר מיר, דער רוישיקער טייך וועט אים אויסדערציילן, און די זיבן קלוגע שטערן וועלן אים פון הימל אַראָפּזינגען פאַר מיר.

איך קאָן נישט געפינען, וואָס איך זוך, איך קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס איך וויל לערנען, אָבער דער נישט געלייענטער בריוו האָט גרינגער געמאַכט די לאַסטן פון מיר, און פון מיינע געדאַנקען האָט ער לידער געמאַכט.

ה

איין האַנט שטויב האָט געקאָנט פאַרשטעלן דיין צייכן, ווען
איך האָב זיין מיין נישט פאַרשטאַנען.

איצט, אַז איך בין קליגער, לייען איך אים אין אַלצדינק,
וואָס ס׳האָט אים פריער פאַרשטעלט.

אויסגעמאָלט איז ער אין די בלעטלעך פון די בלומען: פון
שוים פון די כוואַליעס בליצט ער אַרויס: בערגער טראָגן אים הויך
אויף זייערע שפיצן.

איך האָב מיין פנים אָפּגעקערט פון דיר, דעריבער האָב איך
די אותיות געלייענט פאַרקערט און האָב נישט פאַרשטאַנען זייער
מיין.

ו

ווּ וועגן זײַנען אויסגעלייגט, דאָרט פאַרליר איך מײַן וועג.

אויפן ווייטן וואַסער, אין בלויען הימל איז נישטאָ קיין וועג און קיין טראַקט.

דער שטעג איז באַהאַלטן דורך די פליגל פון די פייגל, דורך די שטערן־פייערלעך, דורך די בלומען פון די וואַנדערנדיקע צייטן פון יאָר.

און איך פרעג מײַן האַרץ, צי זײַן בלוט טראָגט די קלוג־שאַפט פון דעם נישט־געזעענעם וועג.

ז

וויי, מיר, איך קאָן נישט זיצן אין שטוב, און די היים איז מיר אויס היים געוואָרן, ווייל דער אייביקער פרעמדער רופט, ער קומט פון וועג צוגיין.

דער אָפּקלאַנג פון זיינע טריט קלאַפּט אָן מיין ברוסט: עס טוט מיר וויי.

דער ווינט האָט דערוואַכט, דער ים ברומט.

איך פאַרלאָז אַלע מיינע זאָרג און ספקות, כדי נאָכצוגיין די היימלאָזע כוואַליעס, ווען זיי פאַלן־אָפּ פון ברעג, ווייל דער פרעמדער רופט מיך, ער קומט פון וועג צוגיין.

## ח

זיי גרייט, מיין האַרץ, זיך צו לאָזן אין וועג אַריין! זאָלן בלייבן די, וואָס מוזן.

ווייל דיין נאָמען איז אויסגערופן געוואָרן אין דעם פרי־מאָרגן־הימל.

נישט וואַרט אויף קיינעם!

עס לעכצט די שפּראָצונג צו נאַכט און טוי, אָבער די צע־בליטע בלום שרייט און רופט צו דער פרייהייט פון דער ליכטי־קייט.

רייס אויף דיין שאָל, מיין האַרץ, און קום אַרויס!

ט

ווען איך האָב געוויילט צווישן מיינע אָנגעזאַמלטע אוצרות, האָב איך זיך געפילט אַזוי ווי אַ וואָרעם, וואָס דערנעערט זיך אין דער טונקלקייט אין דער פרוכט, וווּ ער איז געבאָרן געוואָרן.

איך פאַרלאָז די תפיסה פון צעפאַלעניש.

מיך אַרט נישט צו וואַנדלען אין אַ זומפּיקן שווייגן, ווייל איך גיי זוכן די אייביקע דויערנדיקע יונגקייט. איך וואַרף אַוועק אַלצדינג, וואָס איז נישט איינס מיט מיין לעבן, אָדער וואָס איז נישט אַזוי גרינג ווי מיין געלעכטער.

איך לויף דורך דער צייט, און — אָ, מיין האַרץ! — אין דיין רידוואַן טאַנצט דער, וואָס זינגט ווען ער וואַנדערט.

י

דו האָסט מיך גענומען פאַר דער האַנט און מיך צוגעצויגן צו דיין זייט, און אַ פּלאַץ האָסטו מיר געגעבן הויך, אויבן־אָן. פאַר אַלע מענטשן בין איך אַ שרעקעדיקר געוואָרן, נישט געקאָנט זיך רירן, נישט געקאָנט גיין מיין אייגענעם וועג: ביי יעדן טריט האָב איך געדאגהט און באַרעכנט צי וועל איך נישט אָנטרעטן אויף אַ דאָרן פון זייער שנאה.

ענדלעך בין איך פריי!

דער קלאַפּ איז געקומען, עס האָט געשאַלט דער האָרן פון זידלעריי, מיין פּלאַץ איז איצט נידעריק אין שטויב.

מיינע וועגן זיינען אָפן פאַר מיר.

מיינע פליגל זיינען פול מיט באַגער צום הימל.

איך גיי זיך באַהעפטן צו די אויפבליצנדיקע שטערן פון האַלבער נאַכט, און מיך וואַרפן אין די טיפסטע שאָטנס.

איך בין געגליכן צו אַ וואָלקן, געטריבן פון שטורעם, אין זומער, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קרוין פון גאָלד, און הענגט אַרויס, ווי אַ שווערד, די ריט פון דונער אויף אַ קייט פון בליצן.

מיט דער פרייד פון יאוש לויף איך איבער דעם שטויביקן וועג פון די פאַרשעמטע: איך קום נענטער צו דיין לעצטן ברוך־הבא.

דאָס קינד געפינט זיין מוטער, ווען עס פאַרלאָזט איר שויס.

ווען איך בין אָפּגעשיידט פון דיר, פאַרטריבן פון דיין הויז, בין איך פריי צו זען דיין פּנים.

## יא

זי צירט מיך נאָר צו שאַנד און שפּאָט, די דאָזיקע בריליאַנ־
טענע קייט מיינע.

זי דריקט מיך, ווען זי איז אויף מיין נאַקן, זי פּרעסט
מיך, ווען איך רייס זיך זי אַראָפּצושליידערן.

זי ווערגט מיין האַלז, זי דערשטיקט מיין געזאַנג.

וואָלט איך זי געקאָנט צוטראָגן צו דיין האַנט, מיין האַר,
וואָלט איך געווען געראַטעוועט.

נעם זי צו פון מיר, און דערפאַר בינד מיך צו צו דיר מיט
אַ קראַנץ, ווייל איך בין פאַרשעמט צו שטיין פאַר דיר מיט דער
בריליאַנטענער קייט אויף מיין האַלז.

ווייט אונטן איז די דשומנאַ געפּלאָסן, אייליק און קלאָר. העכער דאָרט האָט פינסטער געקוקט אַן אַרויסגעשטאַרטער פעלזיקער ברעג.

בערגלעך, טונקל פון וועלדלעך און דורכגעריסן פון שטראָמען, האָבן זיך געטוליעט אַרום.

גאַווינדאַ, דער גרויסער לערער פון שבט סיקאַ, איז געזעסן אויף אַ שטיין און געלייענט די הייליקע ביכער, ווען ראַגהונאַטה, זיין תלמיד, שטאָלץ מיט זיין רייכקייט, איז אָנגעקומען, האָט זיך פאַרנייגט און געזאָגט: „איך האָב געבראַכט מיין אָרעם געשאַנק, וואָס איז נישט ווערט דו זאָלסט עס אָננעמען".

אַזוי האָט ער געזאָגט און האָט אַנידערגעלייגט פאַר דעם לערער א פּאָר גאָלדענע אָרעם-רינגען, אויסגעזעצט מיט טייערע שטיינער.

דער רבי האָט גענומען איינעם פון די רינגען, האָט אים געדרייט ארום זיין פינגער, און די דימענטן האָבן געוואָרפן סנאָפּעס פון ליכט.

פּלוצלינג האָט עס זיך אַרויסגעגליטשט פון זיין האַנט און האָט זיך געקייקלט פעלז-אַראָפּ אין וואַסער אַריין.

„אוי וויי!" האָט ראַגהונאטה אויסגעשריען און האָט זיך געוואָרפן אין טייך אַריין.

דער לערער האָט זיינע אויגן צוריקגעקערט צום בוך, און דאָס וואַסער האָט פאַרבאַהאַלטן, וואָס ס'האָט אַוועקגענומען, און איז זיך געגאַנגען זיין וועג.

דער טאָג איז שוין פאַרגאַנגען, ווען ראַגהונאַטה איז צוריקגעקומען צום לערער מיד און דורכגעווייקט.

ער האָט געהעשלט און געזאָגט: „איך קאָן עס נאָך איצט אַרויסקריגן, אויב דו וועסט מיר ווייזן, ווו עס איז געפאַלן".

דער לערער האָט אויפגעהויבן דעם צווייטן רינג און, וואַרפּדיק אים אין וואַסער אַריין, האָט ער געזאָגט: „אָט דאָ איז ער".

י״ג

זיך באַוועגן, דאָס הייסט דיך באַגעגענען יעדן מאָמענט, חבר־וואַנדערער!

דאָס הייסט צווזינגען צום טראָט פון דיינע פיס.

ער, וואָס אים בארירט דיין אָטעם, זוכט נישט קיין באַהעלטעניש ביים ברעג.

ער שפּרייט אויס אַ פריי־פויגלדיקן זעגל קעגן ווינט און רייט איבער דעם צעבושעוועטן ים.

ער, וואָס פּראַלט אויף זיינע טירן און טרעט אַרויס, נעמט אָן דיין גרוס.

ער בלייבט נישט שטיין צו ציילן זיין פאַרדינסט, אָדער צו באַוויינען זיין פאַרלוסט: זיין האַרץ איז די פויק, וואָס קלאַפּט ביי זיין מאַרש, אָט דאָס הייסט מיטגיין מיט דיר יעדן טריט,

חבר—וואנדערער!

## יד

מײַן טײל פֿון דעם בעסטן אויף דער װעלט װעט קומען פֿון דײַנע הענט: אַזױ איז געװען דײַן צוזאָג.

דעריבער פֿינקלט דײַן ליכט אין מײַנע טרערן.

איך שרעק זיך געפֿירט צו װערן פֿון אַנדערע: איך קאָן פֿאַרלירן דיך, װאָס דו װאַרטסט ערגעץ אין אַ װינקל װעג, כּדי מײַן פֿירער צו זײַן.

איך גײ מיר מײַן קאַפּריזן־װעג, ביז מײַן נאַרישקײט אַלײן װעט דיך צופֿירן צו מײַן טיר.

װײַל איך האָב דעם צוזאָג, אַז מײַן טײל פֿון דעם בעסטן אויף דער װעלט װעט קומען פֿון דײַנע הענט.

## טו

דיין שפּראַך איז פּראָסט, מיין לערער, אָבער נישט זייער שפּראַך, פון די, וואָס רעדן וועגן דיר.

איך פאַרשטיי די שטים פון דיינע שטערן און דאָס שטיל-שווייגן פון דיינעביימער.

איך ווייס, אַז מיין האַרץ וויל זיך עפענען אַזוי ווי אַ בלום; אַז מיין לעבן האָט זיך אַליין אָנגעטרענקט ביי אַ באַהאַלטענעם ברונען.

דיינע לידער זיינען געגליכן צו די פייגל פון דעם איינזאַמען לאַנד פון שניי, זיי שפּרייטן אויס די פליגל צו בויען זייערע נעסטן אין מיין האַרץ, אַנטקעגן דער וואַרעמקייט פון דיין אַפּריל, און איך בין צופרידן צו וואַרטן אויף דער פרייליכער צייט פון יאָר.

## טז

זיי ·האָבן געוווּסט דעם וועג און זיינען געגאַנגען דיך זוכן דורך דעם שמאָלן שטעג, איך אָבער האָב אַראָפּגעוואַנדערט פון וועג אין דער נאַכט אריין, ווייל איך בין געווען אָן וויסן.

איך בין נישט געווען גענוג געלערנט אום צו שרעקן זיך פאַר דיר אין דער טונקלקייט, דעריבער האָב איך דערלאַנגט צו דיין שוועל, נישט וויסנדיק דערפון.

די געלערנטע האָבן מיך געזידלט און האָבן מיך געהייסן גיין אַוועק, ווייל איך בין נישט געקומען מיטן שטעג.

איך האָב מיך אַוועקגעקערט אין ספקות, אָבער דו האָסט מיך באַלד צוגעהאַלטן, און זייער זידלען איז געוואָרן הילכיקער מיט יעדן טאָג.

## יז

איך האָב אַרויסגעבראָנגט מיין ערדענע לאָמפּ פון מיין הויז און האָב אויסגעשריען: „קומט, קינדער, איך וויל צולייכטן אייער וועג!"

די נאַכט איז אַלץ געווען פינסטער, ווען איך האָב צוריקגעקערט, איבערלאָזנדיק דעם וועג פאַר דער שטילקייט, און האָב געשריען: „לייכט מיר, אָ פייער, ווייל מיין ערדענע לאָמפּ ליגט צעבראָכן, אין שטויב!"

## יח

ניין: דאָס איז נישט פאַר אייך — די קנאָספּן צו עפענען
אויף בליעכץ.

טרייסלט דעם קנאָספּ, האַקט אים; ס׳איז ניט אייער כח צו
מאַכן אים בליען.

אייער אַנריר באַשמוצט אים; איר צעפליקט זיינע בלעטער
אויף שטיקלעך און וואַרפט זיי אין שטויב.

אָבער קיין שום פאַרבן קומען נישט אַרויס, און קיין ריח
נישט.

אָ! דאָס איז נישט פאַר אייך — די קנאָספּן צו עפענען אויף
בליעכץ.

ער, וואָס קאָן עפענען דעם קנאָספּ, טוט דאָס אַזוי פשוט.

ער שיקט אים אַ בליק, און דער לעבנזאַפט פליסט שוין אין
זיינע אָדערן.

פון הויך פון דיין אָטעם שפרייט די בלום אויס אירע פליגל
און פלאַטערט אין דער לופט.

קאָלירן שפראָצן אויס, געגליכן צו באַגערן פון אַ האַרץ, און
דער ריח דערציילט אַ זיסן סוד.

ער, וואָס ער קאָן עפענען דעם קנאָספּ, טוט דאָס אַזוי פשוט.

סוזאס דער גערטנער האָט אויסגעריסן פון זיין ציסטרינע די לעצטע לאטוס, וואָס דער ווייסטער ווינטער האָט איבערגעלאָזט, און איז געגאַנגען צום טויער פון פּאַלאַץ זי צו פאַרקויפן צום קעניג.

דאָ האָט ער געטראָפן אַ וואַנדערער, וואָס האָט צו אים גע-זאָגט: „זאָג דיין פרייז פאַר דער לעצטער לאָטוס — איך וויל זי שענקען אונזער האַר בודאַ".

סוזאַס האָט געזאָגט: „אַז דו וועסט באַצאָלן אַ גאָלדענע מ אַ ש אַ וועט זי זיין דיין".

דער וואַנדערער האָט געוואָלט באַצאָלן.

אין דעם מאָמענט איז דער קעניג אַרויסגעקומען און האָט געזאָלט קויפן די בלום, ווייל ער האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין צו זען דעם האַר בודאַ, און ער האָט געטראַכט: „דאָס וועט זיין אַ פיינע זאך צו לייגן פאַר זיינע פיס די לאטוס, וואָס בליט אין ווינטער!"

ווען דער גערטנער האָט געזאָגט, אַז מען האָט אים אָנגע-באָטן אַ גאָלדענע מ אַ ש אַ, האָט דער קעניג געבאָטן צען, אָבער דער וואַנדערער האָט געבאָטן צוויי מאָל אַזוי פיל.

דער גערטנער, וואָס איז געווען אַ גיריקער, האָט זיך גע-טראַכט, ער וועט באַקומען נאָך אַ גרעסערן פרייז פון דעם, וואָס ביידע האָבן אָנגעבאָטן. ער האָט זיך פאַרנייגט און געזאָגט: „איך קאָן נישט פאַרקויפן די לאָטוס".

אין דעם שטילן שאָטן פון די מאַנגאָ-ביימער, הינטער דער שטאָט-מויער, איז סוזאַס געשטאַנען פאַרן בודאַ, אויף זיינע ליפן איז געלעגן די שטילקייט פון ליבשאַפט, און זיינע אויגן האָבן גע-

לויכטן מיט פרידן, אַזוי ווי דער פּרימאָרגן-שטערן פֿון אַ טוי-געוואַ-
שענעם אָסיען.

סוזאַס האָט געקוקט אויף זיין פּנים, האָט אַנידערגעלייגט די
לאָטוס פֿאַר זיינע פֿיס און אָנגעבויגן זיין קאָפּ צום שטויב.

בודאַ האָט געשמייכלט און געפֿרעגט: „וואָס פֿאַרלאַנגסטו,
מיין קינד?"

סוזאַס האָט אויסגעשריען: „דעם מינדסטן אָנריר פֿון דיינע
פֿיס!"

## כ

מאַך מיך פאַר דיין פּאָעט, אָ, נאַכט, פאַרשלייערטע נאַכט!

פאַראַן אַזוינע, וואָס זיינען דורות לאַנג געזעסן אָן לשון אין דיין שאָטן; לאָמיך זינגען זייערע לידער.

נעם מיך אויף דיין קאָטש, וואָס אָן רעדער, וואָס לויפט אָן קלאַנג פון וועלט צו וועלט, דו, מלכה אין דעם פּאַלאַץ פון צייט, דו שוואַרצע שיינקייט!

נישט איין פרעגנדיקער גייסט האָט זיך שטיל אַריינגעגנבעט אין דיין הויף, האָט אַרומגעוואַנדלט אין דיין הויז, וואָס אָן ליכט, זוכנדיק ענטפערס.

נישט פון איין האַרץ, געטראָפן דורך דער פריידיקער פייל פון די הענט פון אומבאַקאַנטן, האָבן זיך אַרויסגעריסן געזאַנגען, און האָבן אויפגערודערט די פינסטערניש ביז איר פונדאַמענט.

די דאָזיקע וואכנדיקע נשמות האָבן זיך פאַרקוקט אין ליכט פון די שטערן, איבערראַשט פון דעם אוצר, וואָס זיי האָבן פּלוצלינג געפונען.

מאַך מיך פאַר דיין פּאָעט, אָ, נאַכט, דעם פּאָעט פון דיין אומדערגרינדלעכער שטילקייט.

## כא

אַ טאָג וועט קומען, ווען איך וועל געפונען דאָס לעבן, וואָס אין מיר, די פרייד, וואָס איז באַהאַלטן אין מיין לעבן, כאָטש די טעג פאַרפלאָנטערן מיין וועג מיט זייער נישטיקן שטויב.

איך האָב געדענקט נאָר שטיקלעכווייז, און זיין דורכלויפנ־דיקער אָטעם איז דורך איבער מיר און האָט מיינע געדאַנקען שמע־קנדיק געמאַכט אויף אַ ווייל.

איך וויל אַמאָל געפונען די פרייד, וואָס אויסער מיר וואָס ווינט אונטער דעם שירם פון ליכטיקייט — און איך וועל שטיין אין דער איבערשוימענדיקער איינזאַמקייט, ווו אַלע זאָרג ווערן געזען אזוי ווי דורך זייער באַשעפער.

## כב

דער דאָזיקער אָסיען־פרימאָרגן איז מיד פון צופיל ליכט,
און ווען דיינע לידער ווערן מאַט און מוטלאָז, גיב מיר דיין פלייט
אויף אַ וויילע.

איך וויל זיך נאָר מיט איר שפּילן, ווי עס וועט מיר נאָר
איינפאַלן. — איך וועל זי אויף מיין שויס אַוועקלייגן, דאָ וועל איך
זי אָנרירן מיט מיינע ליפּן, אָדער איך וועל זי האַלטן נעבן מיר
אין גראָז.

נאָר אין דער פייערלעכער שטילקייט פון אָוונט וועל איך
פּליקן בלומען, זי צו באַשיצן מיט אַ קראַנץ, איך וועל זי דערפילן
מיט שמעקנדיקע ריחות; און כבוד וועל איך איר אָפּגעבן מיט אַן
אָנגעצונדענער לאָמפּ.

און ביינאַכט וועל איך קומען צו דיר און דיר אָפּגעבן דיין
פלייט.

דו וועסט אויסשפּילן אויף איר די מוזיק פון האַלבער נאַכט,
ווען די גרעסער־ווערנדיקע לבנה וואַנדערט צווישן די שטערן.

## כג

דעם פּאָעטס נשמה שוועבט און טאַנצט אויף די כוואַליעס פון לעבן צווישן די קולות פון ווינט און וואַסער.

איצט, אַז די זון האָט זיך געזעצט, און דער פּאַרטונקלטער הימל פאַלט צו אַזוי ווי די לעפּלעך, וואָס פאַלן אויף די מידע אויגן — איצט איז צייט צוצונעמען זיין פעדער און לאָזן זיינע געדאַנקען זינקען אויפן גרונט פון דער טיפעניש צווישן דעם אַביקן סוד פון דער שטילקייט.

## כד

די נאַכט איז טונקל, און דיין שלאָף איז טיף אין דער שטילקייט פון מיין וועזן.

וואַך־אויף, דו צער פון ליבע, ווייל איך ווייס איצט נישט ווי אַזוי צו עפענען די טיר און איך שטיי אין דרויסן.

די שעהן וואַרטן, די שטערן וואַכן, דער ווינט איז רויק, די שטילקייט איז שווער אין מיין האַרץ.

וואַך אויף, ליבע, וואַך אויף! גיס אָן מיין ליידיקן בעכער און מיט אַ הויך פון געזאַנג מאַך ציטערן די נאַכט.

## כה

דער פרימאָרגן־פויגל זינגט.

פון וואַנען קומט צו אים די בשורה פון פרימאָרגן, איידער ער האָט זיך באַוויזן, ווען דער פינסטערער סוד פון דער נאַכט האַלט אַלץ נאָך דעם הימל אין די קאַלטע שוואַרצע רינגען?

זאָג מיר, פרימאָרגן־פויגל, ווי אַזוי האָט דער בשורה־זאָגער פון מזרח געפונען זיין וועג צו דיין חלום דורך דער צווייפאַכיקער נאַכט פון דעם הימל און די בלעטער?

די וועלט האָט דיר נישט געגלויבט, ווען דו האָסט געשריען: „די זון איז אויף איר וועג, די נאַכט איז אַריבער".

אָ, פאַרשלאָפענער, וואַך אויף!

דעק אויף דיין שטערן, וואַרטנדיק אויף דער ערשטער ברכה פון ליכט, און זינג צוזאַמען מיטן פרימאָרגן־פויגל אין פריידיקער אמונה.

## כו

דער בעטלער אין מיר האָט אויפגעהויבן זיינע מאָגערע הענט צום הימל, וואָס אָן שטערן, און אין אויער פון דער נאַכט האָט ער אַריינגעשריגן מיט זיין הונגעריקער שטים.

זיינע תּפילות זיינען געווען אָנגעריכט צו דער בלינדער פינסטערניש, וואָס ליגט אַזוי ווי אַ געפאַלענער גאָט אין אַ וויסטן הימל פון פאַרלוירענע האָפענונגען.

דאָס געשריי פון באַגער האָט זיך געבלאָנקעט ארום דעם אָפּגרונט פון יאוש, — אַ קלאָגנדיקער פויגל, וואָס דרייט זיך אַרום אַ ליידיקן נעסט.

אָבער ווען דער פרימאָרגן האָט געוואָרפן זיין אַנקער ביים ראַנד פון מזרח, האָט דער בעטלער אין מיר געשפּרונגען און געשריגן:

— געבענטשט בין איך, וואָס די טויבע נאַכט האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר — וואָס זיין קופער איז געווען ליידיק.

ער האָט געשריען: אָ, לעבן, אָ, ליכט, איר זיינט טייער! טייער אין דער פרייד, וואָס האָט אייך ענדלעך דערקענט".

סאַנאַטאַן האָט זיינע תּפילות אָפּגעריכט ביים טייך גאַנגיס, ווען אַן אָפּגעריסענער בראַהמין איז צוגעקומען צו אים און גע־זאָגט: „העלף מיר, איך בין אָרעם".

„די צדקה־פּושקע דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן — האָט סאַנאַטאַן געזאָגט — איך האָב אָפּגעגעבן אַלץ, וואָס איך האָב פאַרמאָגט".

„אָבער ש י ווא דער האַר איז געקומען צו מיר אין חלום און האָט מיר אַן עצה געגעבן צו גיין צו דיר" — האָט געזאָגט דער בראַהמין.

סאַנאַטאַן האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז ער האָט אויפ־געהויבן אַ טייערן דימענט, וואָס נישט צו באַצאָלן צווישן די שטיינ־דלעך ביים ברעג טייך, און טראַכטנדיק, אז עמעצער קאָן אים נוי־טיק האָבן, האָט ער אים באַהאַלטן אין זאַמד.

ער האָט אָנגעוויזן דאָס אָרט דעם בראַהמין, וואָס האָט, אַ פאַרווונדערטער, אויסגעגראָבן דעם שטיין.

דער בראַהמין איז געזעסן אויף דער ערד און האָט נאָכגע־טראַכט איינער אַליין ביז די זון האָט זיך געלאָזט אַרונטער די ביימער, און די פּאַסטוכער האָבן געפירט אַהיים די בהמות.

דעמאָלט האָט ער זיך דערהויבן און איז צוגעגאַנגען פּאַמע־לעך צו סאַנאַטאַן און צו אים געזאָגט: „לערער, גיב מיר דעם קלענסטן טייל פון דיין עשירות, וואָס שעצט־גרינג דאָס גאַנצע עשירות פון דער וועלט".

און ער האָט דעם טייערן שטיין געוואָרפן אין וואַסער אַריין.

## כח

פון צייט צו צייט פלעג איך צוגיין צו דיין טויער מיט אויפגעהויבענע הענט און געבעטן, אַלץ מער און מער געבעטן.

דו האָסט געגעבן און געגעבן, טיילמאָל אין אַ קאַרגער מאָס, טיילמאָל מיט אַ פּלוצלינגער ברייטקייט.

טייל זאַכן האָב איך צוגענומען, טייל האָב איך געלאָזט פאַלן; טייל דריקן שווער אויף מיינע הענט; פון אַנדערע האָב איך מיר געמאַכט שפּילצייג און זיי צעבראָכן, ווען איך בין מיד געוואָרן; ביז דאָס ברוכוואַרג און די אָנזאַמלונג פון דיינע מתנות איז גרויס געוואָרן אָן אַ שיעור, דיך באַהאַלטנדיק, און דאָס שטענדיקע אויסקוקן אויף נייעס האָט מיין האַרץ אויסגענאָגט.

נעם, אָ, נעם! דאָס איז איצט געוואָרן מיין אויסגעשריי.

צעשמעטער אַלצדינק, וואָס אין דער פּושקע פון דעם בעטלער: לעש אויס די לאָמפּ פון דעם צודרינגלעכן בעטלער: האַלט מיינע הענט, נעם מיך אַרויס פון דער אַלץ-וואַקסנדיקער מענגע פון דיינע מתנות און ברענג מיך צו דער בלויזער אומענדלעכקייט פון דיין אַלייניקן דאָ-זיין.

## כט

דו האָסט מיך אַריינגעזעצט צווישן די, וואָס פאַרלירן.

איך ווייס, מיר איז נישט באַשערט צו געווינען, אויך נישט צו פאַרלאָזן דאָס שפּיל.

איך וועל ווידער און ווידער אַריינוואַרפן אין קאָן, כאָטש איך זאָל זינקען דערביי ביז צום אָפּגרונט.

איך וועל שפּילן דאָס שפּיל פון מיין צעשטערונג.

איך וועל איינשטעלן אַלץ, וואָס איך האָב, און ווען איך וועל האָבן פאַרלוירן מיין לעצטן גראָשן, וועל איך זיך אַליין איינשטעלן אין קאָן, און דעמאָלט, טראַכט איך, וועל איך האָבן געווונען דורך מיין גרעסטער מפּלה.

## ל

אַ שמייכל פון פרייל̇עכקייט האָט זיך צעשפרייט איבערן הימל̇, ווען דו האָסט אָנגעטאָן מיין האַרץ צעריסענע בגדים און האָסט מיך אַוועקגעשיקט אין וועג אַריין בעטלען.

פון טיר צו טיר איז עס געגאַנגען, און פיל̇ מאָל̇, ווען זיין פּושקע איז שוין כמעט פול̇ געווען, איז עס באַרויבט געוואָרן.

ווען דער מידער טאָג איז דערגאַנגען צום סוף איז עס צוגעקומען צום טויער פון דיין פּאַלאַץ, אויסשטרעקנדיק זיין אָרע־מע פּושקע, און דו ביסט געקומען און גענומען עס פאַר דער האַנט און אַוועקגעזעצט ביי דיין זייט אויף דיין טראָן.

## לא

„ווער פון אייך וועט אויף זיך נעמען דעם חוב צו שפייזן די הונגעריקע?" — האָט האַר בודאַ געפרעגט זיינע תּלמידים, ווען דער הונגער האָט געהערשט אין שראַוואַסטי.

ראַטנאַקאַר דער חלפן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געזאָגט: „פיל מער ווי מיין גאַנץ פאַרמעגן איז נויטיק צו שפייזן די הונגעריקע".

דזשעסען דער אָנפירער פון קעניגס חילות האָט געזאָגט: „איך וואָלט גערן אָפּגעגעבן דאָס בלוט פון מיין לעבן, נאָר אין מיין הויז אַליין איז נישטאָ גענוג שפייז".

דהאַרמאַפּאַל, וואָס האָט געהאַט ווייטע שטרעקן ערד, האָט געזאָגט מיט אַ זיפץ: „דער שר פון טריקעניש האָט מיינע פעלדער אויסגעצערט. איך ווייס נישט ווי אַזוי איך וועל באַצאָלן דעם מס פון קעניג".

דעמאָלט האָט זיך דערהויבן סופּריאַ, אַ בעטלערס טאָכטער.

זי האָט זיך פאַרנייגט קעגן אַלע און שטיל געזאָגט: „איך וועל שפייזן די הונגעריקע."

„ווי אַזוי!" האָבן זיי אויסגעשריען פאַרוווּנדערט, „ווי קאָנסטו האָפן צו דערפילן דעם צוזאָג?"

„איך בין די אָרעמסטע פון אייך אַלע — האָט סופּריאַ געענטפערט — „דאָס איז מיין שטאַרקייט, מיין שאַנק און מיין שפייכלער האָב איך ביי יעטוועדן פון אייך אין הויז".

## לב

מיין קעניג איז מיר נישט געווען באַקאַנט, דעריבער ווען ער האָט געפאָדערט זיין מס, האָב איך מיך דערוועגט צו טראַכטן: איך וועל מיך באַהאַלטן און וועל איבערלאָזן מיינע חובות נישט באַצאָלט.

איך בין געלאָפן און געלאָפן אַוועק פון מיין טאָגס אַרבעט און מיין נאַכטס חלומות.

אָבער זיין פאָדערונג איז מיר נאָכגעגאַנגען ביי יעטוועדן שליק לופט, וואָס איך האָב איינגעעטעמט.

אָט אַזוי בין איך געקומען דערצו צו וויסן, אַז איך בין אים באַקאַנט, און קיין אָרט איז נישט געבליבן, וואָס זאָל זיין מיין.

איצט וויל איך אַוועקלייגן אַלצדינק פאַר זיינע פיס, און געווינען דאָס רעכט אויף אַ פּלאַץ פאַר מיר אין זיין קעניגרייך.

## לג

ווען איך האָב געטראַכט, איך וועל דיך אויסקנעטן פֿון ליים, אַן אָפּבילד פֿון מיין לעבן, די מענטשן זאָלן עס ערן, דעמאָלט האָב איך געבראַכט מיין שטויב און פֿאַרלאַנגען און אַלע מיינע פֿאַרביקע פֿאַרבלענדענישן און חלומות.

ווען איך האָב דיך געבעטן אויסצוקנעטן פֿון מיין לעבן אַן אָפּבילד פֿון דיין האַרץ, פֿאַר דיר צו לעבן, האָסטו געבראַכט דיין פייער און דיין גבורה אין אמת, ערלעכקייט און שלום.

„מיין האַר!“ האָט דער דינער געמאָלדן דעם קעניג. „דער הייליקער נאַראָטטאַם האָט נאָך קיין איין מאָל נישט באַוויליקט צו באַטרעטן דיין קעניגלעך געבעט-הויז.

„ער זינגט די ליבע פון גאָט אונטער די ביימער אויפן אָפּע-נעם וועג. דיין טעמפּל איז ליידיק פון מתפּללים.

„זיי זאַמלען זיך אַרום אים, אַזוי ווי די בינען אַרום דעם ווייסן לאָטוס, און די גאָלדענע קרוג פון האָניק לאָזן זיי אָן אַכט.“

דער קעניג, מיט אַ האַרץ פול קרענקונג, איז געגאַנגען צום אָרט, וווּ נאַראָטטאַם איז געזעסן אין גראָז.

ער האָט אים געפרעגט: „פאָטער, פאַרוואָס טוסטו פאַרלאָזן מיין טעמפּל מיט דעם גאָלדענעם קופּל און זיצסט אין שטויב אויסנווייניק צו פּריידיקן די ליבע פון גאָט?“

„ווייל גאָט איז נישט דאָרט אין דיין טעמפּל“, האָט נאַראָט-טאַם געזאָגט.

דער קעניג האָט מיט אַ טריבן געמיט געזאָגט: „צי ווייסטו, אַז צוואַנציק מיליאָן גאָלד האָט געקאָסט אויפצובויען דעם דאָזיקן וווּנדער פון קונסט און ער איז געהייליקט געוואָרן פאַר גאָט מיט צערעמאָניעס, וואָס האָבן זייער פיל געקאָסט?“

„יאָ, איך ווייס דאָס“, האָט געענטפערט נאַראָטטאַם. „דאָס איז געווען אין יענעם יאָר, ווען טויזנטער פון דיין פאָלק, וואָס זייערע הייזער האָבן אָפּגעברענט, זיינען אומזיסט געשטאַנען פאַר דיין טיר, בעטנדיק הילף“.

„און גאָט האָט געזאָגט: „דאָס אָרעמע באַשעפעניש, וואָס קאָן נישט געבן אַ דאַנק זיינע ברידער, ער וויל בויען מיין הויז!“

„און ער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ צווישן די, וואָס אָן אַ דאַך, אונטער דיביימער ביים שליאַך".

„און יענע גאָלדענע אויפגעבלאָזנקייט איז ליידיק פון אַלצ־דינק אַ חוץ די הייסע פאַרע פון גאווה".

דער קעניג האָט אויסגעשריען מיט צאָרן: „פאַרלאָז מיין לאַנד."

רויק האָט געזאָגט דער הייליקער: „יאָ, פאַרטרייב מיך אַהין, ווו דו האָסט פאַרטריבן מיין גאָט".

## לה

דער טרומפּייט ליגט אין שטויב.

דער ווינט איז מיד, דאָס ליכט איז טויט.

אָ, דער בייזער טאָג!

קומט, איר קעמפער מיט די פאָנען און איר זינגער מיט די מלחמה־לידער!

קומט, איר וואַנדערער פון וועג, וואָס איר איילט אויף אייער רייזע.

דער טרומפּייט ליגט אין שטויב, וואַרטנדיק אויף אונז.

איך בין געווען אין וועג צום טעמפּל מיט מיינע אָוונט־קרבנות, און איך האָב געזוכט אַן אָרט אָפּצורוען נאָך דער שטויביקער מי פון טאָג, געהאָפט האָב איך, אַז מיינע וווּנדן וועלן זיין געהיילט און די פלעקן פון מיין קלייד וועלן זיין ווייס געוואַשן, און דעמאָלט האָב איך געפונען דיין טרומפּייט ליגן אין שטויב.

צי איז נישט די שעה געקומען פאַר מיר אָנצוצינדן מיין אָוונט־לאָמפּ?

צי האָט די נאַכט נישט איינגעזונגען די שטערן מיט איר וויג־לידל?

אָ, דו בלוט־רויטע רויז, מיינע שלאָף־בלימלעך זיינען בלייכער און בלייכער געוואָרן.

איך בין זיכער געווען, אַז מיין וואַנדערן איז שוין אַריבער און אַלע מיינע חובות זיינען שוין באַצאָלט, ווען פּלוצלינג האָב איך געטראָפן דיין טרומפּייט ליגנדיק אין שטויב.

טרעף אין מיין פאַרשלאָפן האַרץ מיט דעם כשוף־שפּרונג פון דיין יוגנט!

לאָז מיין לוסט פון לעבן אויפפלאַמען אין פייער.

די פיילן פון דערוואַכונג לאָז פליען דורך דאָס האַרץ פון דער נאַכט, און אַ געשריי פון שרעק זאָל אויפרודערן די בלינד־קייט און די געלעמטקייט.

איך בין געקומען כדי אויפצוהויבן דיין טרומפּייט פון שטויב.

קיין שלאָף איז מער נישט פאַר מיר — מיין וועג פירט איצט דורך אַ האָגל פון פיילן.

טייל וועלן אַרויסלויפן פון זייערע הייזער און קומען צו מיר אויף מיין זייט—אַנדערע וועלן וויינען.

טייל וועלן זיך וואַרפן אין זייערע בעטן און שרייען פון בייזע חלומות.

ווייל היינט ביינאַכט וועט דיין טרומפּייט שאַלן.

פון דיר האָב איך געבעטן פרידן נאָר אויף צו געפינען שאַנד.

איצט שטיי איך פאַר דיר — העלף מיר אָנטאָן מיין געווער.

זאָלן די האַרטע קלעפּ פון זאָרג אָנצינדן פייער אין מיין לעבן.

זאָל מיין האַרץ קלאַפּן אין פיין — די פויק פון דיין נצחון.

מיינע הענט זאָלן אויסגעליידיקט ווערן, כדי אויפצוהויבן דיין טרומפּייט.

ווען, שפּור פון לוסטיקייט, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ שטויב צו באַפלעקן דיין קלייד, אָ, דו שענסטער, האָט דאָס מיין האַרץ געמאַכט קראַנק.

צו דיר האָב איך געשריגן און געזאָגט: „נעם דיין רוט פון שטראָף און משפט זיי!״

די ליכטיקייט פון פרימאָרגן איז געפאַלן אויף אויגן, רויט פון א נאַכט הוליען; דער פלאַץ פון דער ווייסער ליליע האָט באַ־גריסט זייער ברענענדיקן אָטעם; די שטערן האָבן דורך דער טי־פעניש פון דער הייליקער טונקלקייט געקוקט אויף זייער הולטאַ־יען — אויף די, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם שטויב צו באַפלעקן דיין קלייד, אָ, דו שענסטער!

דיין משפּט־פּלאַץ איז געווען אין בלומען־גאָרטן, צווישן די מעלאָדיעס פון די פייגל פרילינג־צייט; ביי די שאָטנדיקע ברעגן פון טייך, ווו די ביימער מורמלען אַן ענטפער אויף דעם גערויש פון די כוואַליעס.

אָ, דו ליבער! זיי זיינען געווען אָן רחמנות אין זייער ליידנ־שאַפט.

אין דער פינסטערניש זיינען זיי געקראָכן צו פאקן דיין צי־רונג, כדי צו באַדעקן זייערע אייגענע תאוות.

ווען זייער קלאַפּ האָט געטראָפן און ביסט געווען געפּייניקט, האָט עס מיך דורכגענומען ביז צום ביין און איך האָב געשריען צו דיר און געזאָגט: „נעם דיין שווערד, אָ, מיין ליבער, און משפט זיי!״

אָבער דיין גערעכטיקייט איז געווען מיט צופיל חסד.

מוטער-טרערן זיינען פאַרגאָסן געוואָרן איבער זייער אומ־פאַרשעמטקייט; דער אייביק-טרייער גלויבן פון ליבי־האָבן האָט באַהאַלטן אין זיך זייערע שפּיזן פון אויפשטאַנד אין זיינע אייגענע ווונדן.

דיין משפט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דעם שטומען פּיין פון ליבע, וואָס שלאָפט נישט: אין דעם רויטלען-זיך פון צניעות: אין די נאַכטיקע טרערן פון פאַרלאָזנקייט: אין דעם בלייכן פרי־מאָרגן-ליכט פון פאַרגעבן.

אָ שרעקלעכער! זיי, אין זייער גיריקייט אָן מאָס, זיינען אַריינ־געקראָכן צו דיין טויער ביינאַכט, אַ־געקראָכן אין דיין שייער דיך צו באַרויבן.

אָבער די וואָג פון זייער רויב איז געוואַקסן אָן מאָס, צו שווער צו טראָגן, אָדער זיך צו רירן פון אָרט.

און דעמאָלט האָב איך געשריגן צו דיר און געזאָגט: „זיי מוחל זיי, אָ, שרעקלעכער!"

דיין פאַרגעבונג האָט אויסגעבראָכן אין שטראָמען, האָט זיי אומגעוואָרפן און האָט צעשפּרייט די גנבות אין שטויב.

דיין פאַרגעבונג איז געווען אין בליץ; אין אַ רעגן פון בלוט; אין דער צאָרניקער רויטקייט פון זון-אונטערגאַנג.

לז

אופּאַגופּטאַ, דער תּלמיד פון בודאַ, איז געלעגן און געשלאָפן אויף דער ערד ביי דער מויער פון דער שטאָט מאַטהוראַ.

אַלע לאָמפּן זיינען אויסגעלאָשן, אַלע טירן פאַרמאַכט, און די שטערן אַלע זיינען פאַרהוילן געווען אין פינסטערן הימל פון חודש אויגוסט.

וועמענס פיס זיינען דאָס געווען, וואָס, קלינגענדיק מיט שפּאַנגען, האָבן פּלוצלינג באַרירט זיין ברוסט?

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקן, און דאָס ליכט פון אַ פרויס לאָמפּ איז געפאַלן אויף זיינע אויגן, די פולע מיט סליחה.

עס איז געווען דאָס מיידל די טענצערין, איר שטערן באַצירט מיט טייערע שטיינער, געקליידט אין אַ העל־בלויען מאַנטל, באַרוישט פון ווײַן פון איר יונגקייט.

זי האָט דערנענטערט איר לאָמפּ. מען האָט דערזען דאָס יונגע פּנים אַזוי שטרענג און שיין.

„זיי מיר מוחל, יונגער אַסקעט, האָט דאָס מיידל געזאָגט, „באַוויליק צו קומען אין מיין הויז, די שטויביקע ערד איז נישט קיין פּאַסיק אָרט פאַר דיר“.

דער אַסקעט האָט געענטפערט: „פרוי, גיי ווייטער דיין וועג, ווען די ריכטיקע שעה וועט קומען, וועל איך זיין ביי דיר“.

פּלוצלינג האָט די שוואַרצע נאַכט געוויזן אירע ציין אין אַן אויפבליצטיקן בליץ.

דער שטורם האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט פון אַן עק הימל, און די פרוי האָט געציטערט פאַר שרעק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די צווייגן פון די ביימערביים וועג זיינען באַלאָדן געווען מיט בליעכץ.

לוסטיקע טענער פון אַ פלייט האָבן זיך געצויגן פון דער־ווייטן דורך דער וואַרעמער לופט פון פרילינג.

די בירגער זיינען געגאַנגען אין די וועלדער אויפן יום־טוב פון די בלומען.

פון מיט־הימל האָט געקוקט די פולע לבנה אויף די שאָטנס פון דער שווייגנדיקער שטאָט.

דער יונגער אַסקעט איז געגאַנגען אין דער פאַריינזאַמטער גאַס, און איבער זיין קאָפ האָבן די ליבע־קראַנקע קוועל־פייגל פון די מאַנגאַ־צווייגן געטרילערט זייער שלאָפלויז קלאָג־ליד.

אופאַגופטא איז דורך דאָס שטאָט־טויער און איז געשטאַנען צופיסן פון וואַל.

וואָסערע פרוי איז דאָס געלעגן אין שאָטן פון וואַל ביי זיינע פיס, דערשלאָגן פון דער שוואַרצער מגפה, איר גוף געפלעקט מיט געשווירן, אויף גיך פאַרטריבן פון דער שטאָט?

דער אַסקעט האָט זיך אוועקגעזעצט ביי איר זייט, גענומען איר קאָפ אין זיינע קני און האָט גענעצט אירע ליפן מיט וואַסער און געשמירט איר גוף מיט באַלזאַם.

„ווער ביסטו, דו בארמהערציקער?" — האָט די פרוי גע־פרעגט.

„די ריכטיקע שעה איז סוף־כל־סוף געקומען, דיך צו באַזוכן און איך בין דאָ", האָט געענטפערט דער יונגער אַסקעט.

## לח

דאָס איז נישט בלויז אַ שפּיל פֿון ליבע צווישן אונז, מײַן ליבער!

ווידער און ווידער האָבן זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזט די שרײַענדיקע נעכט פֿון שטורם, און אויסגעלאָשן מײַן לאָמפּ; פֿינס־טערע ספֿקות האָבן זיך פֿאַרזאַמלט און האָבן אויסגעבלאָזן אַלע שטערן פֿון מײַן הימל.

ווידער און ווידער זײַנען אײַנגעריסן געוואָרן די ברעגן, און האָבן געלאָזט דאָס וואַסער פֿאַרפֿלײצן מײַן שניט, און יאָמער און יאוש האָבן צעריסן מײַן הימל פֿון עק צו עק.

אַזוי אַרום האָב איך געלערנט צו וויסן, אַז קלעפּ פֿון פּײַן זײַנען זײַן דײַן ליבע, קײנמאָל נישט די קאַלטע אַפּאַטיע פֿון טויט.

## לט

די מויער פאַלט-איין; ליכט, אַזוי ווי אַ גאָטס געלעכטער, פליסט אַריין.

נצחון, אָ ליכט!

דאָס האַרץ פון דער נאַכט איז צעריסן.

מיט דיין בלאַנקער שווערד צעשנייד אויף צוויי דעם קנויל פון ספקות און שוואַכע באַגערן.

נצחון!

קום, דו קנא ונוקם!

קום, אָ דו, וואָס ביסט שרעקלעך אין דיין ווייסקייט.

אַ ליכט! דיין פויק קלאַפּט אויס דעם מאַרש פון פייער, און דער רויטער שטורקאַץ ווערט געטראָגן הויך. דער טויט שטאַרבט אין דעם אויפרייס פון ערלעכקייט.

מ

אָ פייער, ברודער מיינער, איך זינג דאָס ליד פון נצחון צו דיר.

דו שפיגלסט־אָפּ דאָס העל־רויטע בילד פון פּורכטיקער פרייהייט.

דו הויבסט אויף דיינע אָרעמס קעגן הימל, דו לויפסט מיט דיינע האַסטיקע פינגער איבער די סטרונעס פון דער האַרפע, דיין טאַנץ־מוזיק איז ערלעך שיין.

ווען מיינע טעג וועלן זיך ענדיקן, און דאָס טויער וועט גע־עפנט ווערן וועסטו פאַרברענען אויף אַש דעם דאָזיקן קנויל פון הענט און פיס.

מיין גוף וועט זיין איינס מיט דיר, מיין האַרץ וועט ווערן מיטגעריסן דורך די כוואַליעס פון דיין ווילדקייט, און די ברענענ־דיקע היץ, וואָס מיין לעבן איז געווען, וועט אויפפלאַקערן און וועט זיך צוזאַמענגיסן מיט דיין פלאַם.

מא

דער מענטש אין שיפל איז אַרויס אויפן ווילדן ים און שניידט אים דורך ביינאַכט.

דער מאַסט־בוים קרעכצט אונטער די פולע זעגלען, אויפגעבלאָזן פון האַסטיקן ווינט.

דער הימל פאַלט צום ים צו, געטראָפן פון דער נאַכטס פאַנג, פאַרגיפטעט פון שוואַרצער שרעק.

די כוואַליעס וואַרפן זייערע קעפ קעגן דעם פאַרהוילענעם שוואַרצן, און דער מענטש אין שיף איז אַרויס אויפן ווילדן ים ביינאַכט.

דער מענטש אין שיף שניידט דעם ים, איך ווייס נישט צו וועלכן אָפּגערעדטן אָרט, טוט ער איבערשרעקן די נאַכט מיט דער אומגעריכטער ווייסקייט פון זיינע זעגלען.

איך ווייס נישט אפילו צו וועלכן ברעג וועט ער צושיפן צו דערגרייכן דעם שווייגנדיקן הויף, וווּ אַ לאָמפּ ברענט, און צו געפינען זי, וואָס זיצט אין שטוב און וואַרט.

וואָסערע זוכעניש טרייבט זיין שיף קעגן שטורם און פינסטערניש?

איז עס שווער באַלאָדן מיט טייערע שטיינער און פערל? אָ ניין, דער מענטש אין שיף ברענגט מיט זיך נישט מיט קיין שום אוצרות, נאָר אַ ווייסע רויז אין זיין האַנט און אַ געזאַנג אויף זיינע ליפּן.

דאָס איז פאַר איר, וואָס זי וואַרט אַליין ביינאַכט מיט איר אָנגעצונדענע לאָמפּ.

זי וווינט אין דעם געצעלט ביים זייט וועג.

אירע צעלאָזטע האָר פליען אַרום אין ווינט און באַדעקן אירע אויגן.

דער שטורם רוישט דורך אירע צעבראָכענע טירן, דאָס ליכט פלאַטערט אין איר ערדענער לאָמפּ, וואַרפנדיק שאָטנס אויף די ווענט.

דורך דעם וואָיען פון די ווינטן הערט זי ווי ער רופט אויס איר נאָמען, זי וואָס איר נאָמען איז אומבאַקאַנט.

לאַנג שוין אזוי פאָרט דער מענטש אין שיף.

און לאַנג וועט נאָך דויערן ביז דער טאָג וועט אויפגיין, און ער וועט אָנקלאַפּן ביי איר טיר.

די פויקן וועלן נישט קלאַפּן, און קיינער וועט נישט וויסן.

נאָר ליכטיקייט וועט אָנפילן דאָס הויז, געבענטשט וועט זיין דער שטויב, און דאָס האַרץ צופרידן.

אַלע ספקות וועלן צערינען אין שטילקייט, ווען דער מענטש אין שיף וועט קומען צום ברעג.

מב

איך קלאַמער מיך צו דעם לעבעדיקן אָנהאַלט, צו מיין גוף, אין דעם פלאַכן שטראָם פון מיינע ערדישע יאָרן. איך וועל עס פאַרלאָזן, ווען דער דורכגאנג וועט זיין פאַרביי.

און דעמאָלט?

איך ווייס נישט, צי דאָס ליכט און דאָס פינסטערניש זיינען דאָרט די אייגענע?

דער אומבאַקאַנטער איז די אייביקע פרייהייט.

אָן רחמנות איז ער אין זיין ליבע.

ער צעברעכט די שאָל צוליב דעם פערל, וואָס איז שטום אין דער תפיסה פון פינסטערניש.

דו זאָרגסט און ווייגסט פאַר די טעג, וואָס אַריבער, אָרעם האַרץ!

זיי צופרידן, וואָס טעג וועלן נאָך קומען!

די שעה שלאָגט, אָ, וואַנדערער!

עס איז צייט פאַר דיר צו נעמען אָפשייד פון די וועגן!

זיין פנים וועט ווידער אַמאָל זיין נישט באַדעקט און איר זעט אייך באַגעגענען.

איבער די הייליקע ביינער פון האַר בודאַ האָט דער קעניג בימביסאַר אויפגעבויט אַ מצבה א ווייזונג פון ווייסן מאַרמאָר.

אַהער פלעגן קומען יעדן אָוונט אַלע פרויען אין טעכטער פון קעניגלעכן הויז צו דערנענטערן בלומען און אָנצינדן לעמפּלעך.

ווען ס׳איז געקומען די צייט און דער זון איז געוואָרן קע-ניג, האָט ער זיין פאָטערס אמונה אָפּגעוואַשן מיט בלוט און מיט זיינע הייליקע ביכער האָט ער אָנגעצינדן פייער פאַר קרבנות.

דער אָסיען-טאָג האָט געגוססט.

די אָוונט-שעה פון גאָט-בעטן איז געווען נאָנט.

שירמאַטי, דאָס דינסט-מיידל פון דער קעניגין, געטריי דעם האַר בודאַ, נאָך דעם ווי זי האָט זיך אָפּגעבאָדן אין הייליק וואַסער און האָט באַצירט די גאָלדענע שאָל מיט לעמפּלעך און פרישע ווייסע בלומען, האָט שטילערהייט אויפגעהויבן אירע טונקעלע אויגן צום פנים פון דער קעניגין.

די קעניגין האָט געציטערט פאַר שרעק און האָט געזאָגט:

„צי ווייסטו ניט, דו נאַריש מיידל, אַז טויט איז די שטראָף פאַר יעטווערן, וואָס ברענגט אַ קרבן פאַר בודאַס אָנדענקען?

אַזוי איז דער ווילן פון קעניג“.

שירימאַטי האָט זיך געבוקט צו דער קעניגין און, אַוועק-גייענדיק פון איר טיר, איז זי געשטאַנען פאַר אַ מ י ט א, די ערשט-נישט-לאַנג חתונה-געהאַטע פרוי פון קעניגס זון.

פאַר אַ שפּיגל פון געשליפענעם גאָלד, וואָס אויף איר שויס, האָט די יונגע פרוי געפלאָכטן אירע לאַנגע שוואַרצע צעפּ און האָט אויסגעמאָלן דעם רויטן פלעק פון הצלחה אויף דעם שרינט פון אירע האָר.

Phone Rockwell 6930

MADAME S. UNTERMAN
DRESS MAKER

1409 S Central Park Ave. Cor. Douglas Blvd.

אירע הענט האָבן געציטערט, ווען זי האָט דערזען דאָס יונ־גע מיידל און זי האָט אויסגעשריען: „וואָסערע שרעקלעכע סכּנה ווילסטו מיר ברענגען! פאַרלאָז מיך די מינוט!"

די פּרינצעסין שיקלאַ איז געזעסן ביים פענסטער און האָט געלייענט איר בוך פון פּאָעזיע ביי דער שיין פון דער אונטערגיי־ענדיקער זון.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, ווען זי האָט דערזען ביי איר טיר דאָס מיידל מיט די הייליקע קרבנות.

דאָס בוך איז אַראָפּגעפאַלן פון איר שויס, און זי האָט איינ־גערוימט שרימאַטין אין אויער:

„נישט לויף דאָך אַנטקעגן טויט, דו ריזיקאַלישע פרוי!"

שרימאַטי איז געגאַנגען פון טיר צו טיר.

זי האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און געשריען: „אָ, פרויען פון קעניגלעכן הויז, איילט אייך!"

„די צייט פון געבעט צו אונזער האַר איז געקומען!"

טייל האָבן פאַרהאַקט די טיר פאַר איר, אַנדערע האָבן זי באַ־ליידיקט.

דער לעצטער גלאַנץ פון טאָג־ליכט האָט אויסבלאַקירט פון דעם בראָנזענעם קופּל אויפן טורעם פון פּאַלאַץ.

טיפע שאָטנס האָבן זיך געלייגט אין די עקן פון די גאַסן: דאָס גערויש פון דער שטאָט איז פאַרשטומט געוואָרן: דער האָרן אין טעמפּל פון שיוואַ האָט אָנגעזאָגט די צייט פון אָוונט־געבעט.

אין דער טונקלקייט פון אָסיען־אָוונט, טיף ווי אַ דורכזיכטי־קער סטאַוו, האָבן די שטערן געציטערט מיט ליכט, ווען די היטערס פון פּאַלאַץ־גאָרטן זיינען איבערראַשט געוואָרן, דערזעענדיק דורך די ביימער אַ גאַנצע רייע לעמפּלעך ברענען ביי דעם קבר פון בודאַ.

זיי זיינען צוגעלאָפן מיט בלאַנקע שווערדן און געשריגן:
„ווער ביסטו, דו נאַריש באַשעפעניש, וואָס דו האָסט קיין מורא נישט פאַרן טויט?"

„איך בין שרימאַטי", האָט געענטפערט אַ זיסע שטים, „די דינערין פון האַר בודאַ".

אין אַ מינוט אַרום האָט דאָס בלוט פון איר האַרץ רויט געפאַרבט דעם קאַלטן מאַרמאָר.

און אין דער שטילער מינוט פון די שטערן איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט פון לעצטן לעמפל־קרבן צופיסנס פון מזבח.

## מז

דער טאָג, וואָס שטייט צווישן דיר און מיר, פאַרנייגט זיך און זאָגט זיין לעצטן „זיי געזונט”.

די נאַכט פאַרשפרייט איר שלייער איבער איר פנים און זי פאַרשטעלט די איינציקע לאָמפּ, וואָס ברענט אין מיין שטוּב.

דיין שווארצער דינער קוּמט שטילערהייט און לייגט-אויס דעם כלה-טעפּיך פאַר דיר, דו זאָלסט פאַרנעמען דיין פּלאַץ דאָ אַליין מיט מיר, אין דער שטילקייט אָן ווערטער, ביז די נאַכט וועט זיין פאַרביי.

## מה

מייז נאַכט איז פאַרביי אויף דעם בעט פון טרויער, און מיינע אויגן זיינען מיד. מיין שווער האַרץ איז נאָך נישט גרייט צו באַגעגענען דעם פרימאָרגן מיט זיינע פיל פריידן.

פאַרשפּרייט אַ שלייער איבער דער דאָזיקער נאַקעדיקער ליכטיקייט, מיט אַ ווונק פאַרטרייב פון מיר דעם בלאַנקענדיקן גלאַנץ און טאַנץ פון לעבן.

זאָל דיין קלייד פון מילדער טונקלקייט מיך באַדעקן אין זיינע פאלדן און באַהאַלט מיין צער אויף אַ וויילע פון דעם דרוק פון דער וועלט.

## מו

אַריבער איז די צייט, ווען איך האָב איר געקאָנט אָפּצאָלן פאַר אַלצדינק, וואָס איך האָב באַקומען.

איר נאַכט האָט געפונען דעם פרימאָרגן, און דו האָסט זי צוגענומען אין דיינע אָרעמס: און צו דיר ברענג איך מיין דאַנק און מיינע מתּנות, וואָס זיינען געווען פאַר איר.

פאַר דעם גאַנצן צער און קרענקונג פון איר קום איך צו דיר בעטן, דו זאָלסט מוחל זיין.

איך ברענג דיר צו דינען די דאָזיקע בלומען פון מיין ליבע, וואָס זיינען פאַרבליבן פאַרמאַכט, ווען זי האָט געוואַרט, זיי זאָלן זיך עפענען.

## מז

איך האָב געפונען עטלעכע אַלטע בריוו מיט גרויס אויפמערק-זאַמקייט באַהאַלטן אין איר קעסטעלע — עטלעכע קליינע שפּיל-צייג צו איר אָנדענקען צו שפּילן זיך דערמיט.

מיט אַ שרעקעוודיק האַרץ האָט זי געפּרוווט אָפּצוראַטעווען די קליינע שפּילרייען פון דעם שווימענדיקן שטראָם פון דער צייט, און געזאָגט האָט זי: „דאָס געהער מיר אַליין!"

אָ, קיינער איז איצט מער נישט פאַראַן, וואָס זאָל זאָגן, זיי זיינען זיין; קיינער וואָס זאָל קאָנען באַצאָלן זייער ווערט מיט ליבע-זאָרג, דאָך ליגן זיי אַלץ נאָך דאָ.

געוויס איז ליבע פאַראַן אויף דער דאָזיקער וועלט זי צו-ראַטעווען פון פולשטענדיקער ירידה — כאָטש אַזאַ ליבע ווי אירע, וואָס האָט אָפּגעהיטן די בריוו מיט אַזאַ טיפער זאָרג.

# מח

ברענג־אַריין שיינקייט און אָרדנונג אין מיין צעוואָרפן לעבן, פרוי, אזוי ווי דו האָסט זיי אַריינגעברענגט אין מיין הויז, ווען דו האָסט געלעבט.

שאַר אַוועק די שטויביקע רעשטלעך פון די שעהן, פול־אויס די ליידיקע קריגן און שטעל צוריק אַלץ, וואָס איז געוואָרן אָפגעלאָזן.

און דעמאָלט עפן די אינערלעכע טיר פון פאַרן מזבח, צינד־אָן דאָס ליכט, און לאָמיר זיך דאָ באַגעגענען אין שטילקייט פאַר אונזער גאָט.

## מט

דער צער איז גרויס געווען, ווען די סטרונעס זיינען געוואָרן געשטימט, מיין לערער!

הויב אָן דיין מוזיק, און לאָמיך פאַרגעסן מיין צער; לאָמיך פילן אין שיינקייט וואָס דו האָסט געטראָגן אין דיין גייסט דורך די אומבארחמנותדיקע טעג.

די פאַרגייענדיקע נאַכט לויערט ביי מיין טיר, לאָז זי נעמען אָפשייד מיט לידער.

גיס איבער דיין האַרץ אויף די סטרונעס פון מיין לעבן, מיין לערער, אין טענער, וואָס נידערן אַראָפּ פון דיינע שטערן.

ב

אין שטראַל פון בליץ האָב איך אויף אַ רגע דערזען די אומענדלעכקייט פון דיין שאַפונג אין מיין לעבן — די שאַפונג דורך נישט איין טויט פון וועלט צו וועלט.

איך וויין אויף מיין נישטיקייט, ווען איך זע מיין לעבן אין די הענט פון שעהן אָן באַדייטונג —, ווען אָבער איך זע עס אין דיינע הענט, ווייס איך, עס איז צו טייער, אַז ס׳זאָל פאַרלוירן גיין צווישן שאָטנס.

## נא

איך ווייס, אַז אין אַ געוויסן טריבן טאָג וועט די זון מיר זאָגן איר לעצטן זיי-געזונט.

די פֿאַסטוכער וועלן שפּילן אויף זייערע פּייפֿלעך אונטער די פֿייגנביימער, און די בהמות וועלן זיך פֿאַשען אויף דער לאָנקע בײַם טייך, ווען מײַנע טעג וועלן איבערגיין צו דער פֿינסטערניש.

דאָס איז מײַן געבעט, אַז איך זאָל וויסן איידער איך פֿאַרלאָז די וועלט, צו וואָס האָט די ערד מיך גערופֿן אין אירע אָרעמס.

פֿאַרוואָס האָט די שטילקייט פֿון דער נאַכט צו מיר גערעדט פֿון די שטערן אַראָפּ, און דאָס טאָג-ליכט האָט מײַנע געדאַנקען אויסגעקושט אויף בלומען.

איידער איך גיי, וויל איך פֿאַרווײַלן בײַ מײַן לעצטן ליד, פֿאַרטיק-מאַכן די מוזיק דערצו; זאָל די לאָמפּ לייכטן צו זען דײַן פּנים אין דעם קראַנץ, וואָס איז געפֿלאָכטן דיך צו באַקרוינען.

## נב

וואָסערע מוזיק איז דאָס, וואָס צו איר טאַקט צו שאָקלט זיך די וועלט?

מיר לאַכן, ווען זי קלאַפּט אויף דער קרוין פון לעבן, מיר ציטערן דערשראָקן, ווען זי קערט צוריק אין דער פינסטערניש.

אָבער דאָס שפּיל איז אַלץ דאָס אייגענע, וואָס קומט און גייט מיט דעם ריטמוס פון דער מוזיק אָן ענד.

דו באַהאַלטסט דיין אוצר אין דיין פאַרמאַכטער האַנט און מיר שרייען, אַז מיר זיינען באַרויבט.

נאָר עפן און פאַרמאַך דיין האַנט ווי דו ווילסט, דאָס געווינס און דער פאַרלוסט זיינען אַלץ איינס.

אין דעם שפּיל, וואָס דו שפּילסט מיט דיין אייגענעם איך, געווינסטו און פאַרלירסט צוזאַמען.

## נג

איך האָב געקושט די דאָזיקע וועלט מיט מיינע אויגן און מיינע גלידער; איך האָב זי איינגעוויקלט אין מיין האַרץ אין פֿאַלדן אָן אַ שיער; איך האָב צעגאָסן איבער אירע טעג און נעכט מיינע געדאַנקען, ביז די וועלט און מיין לעבן זיינען געוואָרן איינס, — און איך האָב ליב מיין לעבן, ווייל איך האָב ליב די ליכטיקייט פֿון הימל, אַזוי צוזאַמענגעפֿלאָכטן מיט מיר.

אויב דאָס פֿאַרלאָזן די וועלט איז אַזוי רעאַל ווי דאָס ליבן זי — מוז דאָך זיין עפּעס אַ באַדייטונג אין דעם קומען און אַוועקגיין פֿון לעבן.

וואָלט די ליבע געווען אַ פֿאַרנאַרעניש צו טויט דעמאָלט וואָלט דער וואָרעם פֿון דעם פֿאַרנאַרעניש זיך איינגעגעסן אין אַלע זאַכן, און די שטערן וואָלטן איינגעשרומפּט און שוואַרץ געוואָרן.

## נד

דער וואָלקן האָט געזאָגט צו מיר: „איך פאַרשווינד";
די נאַכט האָט געזאָגט: „איך וואַרף זיך אין דעם פייערדיקן פרימאָרגן".

דער צער האָט געזאָגט: „איך בלייב אין טיפער שטילקייט, אַזוי ווי זיין פוסטריט".

„איך שטאַרב אַריין אין דער פולקייט", האָט מיין לעבן געזאָגט צו מיר.

די ערד האָט געזאָגט: „מיינע ליכט קושן דיינע געדאַנקען יעדע רגע".

„די טעג פאַרגייען", האָט געזאָגט די ליבע, „אָבער איך וואַרט אויף דיר".

דער טויט האָט געזאָגט: „איך פיר דאָס שיפל פון דיין לעבן אין מיטן ים".

טוּלסידאַס, דער פּאָעט, האָט געוואַנדערט טיף פאַרזונקען אין מחשבות, ביים ברעג פון גאַנגעס, אין יענעם פאַריינזאַמטן אָרט, ווו מען פאַרברענט די טויטע.

ער האָט דערזען אַ פרוי זיצן ביי די פיס פון איר טויטן מאַן, אָנגעטאָן אין פריילעכע קליידער אַזוי ווי צו אַ חתונה.

זי האָט זיך דערהויבן ווען זי האָט אים דערזען, האָט זיך פאַרנייגט פאַר אים און געזאָגט: „דערלויב מיר, לערער, איך זאָל מיט דיין ברכה באַלייטן מיין מאַן צום הימל".

„וואָס איז דאָס איילעניש, מיין טאָכטער!" האָט טולסידאַס געפרעגט, „צי דען געהערט נישט די ערד צו דעם אייגענעם, וואָס האָט דעם הימל געמאַכט?"

„נישט צום הימל באַגער איך", האָט די פרוי געזאָגט, „איך וויל מיין מאַן".

טולסידאַס האָט געשמייכלט און געזאָגט צו איר: „גיי צוריק אַהיים, מיין קינד. איידער אַ חודש וועט אַריבער, וועסטו געפינען דיין מאַן".

די פרוי איז צוריקגעגאַנגען מיט אַ פריילעכער האָפענונג. טולסידאַס איז צו איר געקומען יעדן טאָג און האָט איר געגעבן הויכע געדאַנקען צו טראַכטן, ביז איר האַרץ איז ביז צום ראַנד פול געוואָרן מיט נאַטירלעכער ליבע.

קוים איז דער חודש אַריבער, זיינען אירע שכנים געקומען צו איר און געפרעגט: „פרוי, האָסטו געפונען דיין מאַן?"

די אלמנה האָט געשמייכלט און געזאָגט: „איך האָב געפונען".

נייגיריק האָבן זיי געפרעגט: „ווו איז ער?" — „אין מיין האַרץ איז מיין האַר, איינס מיט מיר", האָט די פרוי געזאָגט.

## נו

אויף איין מאָמענט ביסטו געקומען נאָנט צו מיר און האָסט מיך אָנגעגערירט מיט דעם גרויסן סוד פון דער פרוי, וואָס ליגט אין האַרץ פון דער שאַפונג.

זי, וואָס גיט שטענדיק צוריק צו גאָט זיין אייגענע שפע פון זיסקייט; זי איז די שטענדיק פרישע שיינקייט און יונגקייט אין דער נאַטור; זי טאַנצט אין מורמלדיקע שטראָמען און זינגט אין ליכט פון פרימאָרגן; זי טרענקט־אָן די דורשטיקע ערד; אין איר ווערט דער אייביק־איינער געבראָכן אויף צוויי אין אַ פאַר־געניגן, וואָס קאָן זיך אַליין מער נישט איבערטראָגן, און צעגיסט זיך אין דעם פיין פון ליבע.

גז

ווער איז זי, וואָס וויינט אין מיין האַרץ, די פרוי, פאַרלוירן אויף אייביק?

איך בין איר נאָכגעגאַנגען אין געזוכט איר ליבע, אָבער נישט געקאָנט זי געווונען.

איך האָב זי באַצירט מיט קראַנצן און האָב געזונגען איר לויב.

אַ שמייכל האָט אויפגעבליצט אויף איר פּנים אויף אַ רגע און ער איז באַלד פאַרשוווּנדן.

„איך האָב קיין פאַרגעניגן נישט פון דיר" האָט זי אויסגעשריגן, די פרוי אין צער.

איך האָב איר געקויפט רינגען מיט בריליאַנטן און זי געפאָכעט מיט אַ פעכער, אויסגעזעצט מיט דימענטן; איך האָב איר אויסגעבעט אויף אַ גאָלדן בעט.

דעמאָלט האָט אַ בליץ פון צופרידנהייט געלויכטן אין אירע אויגן, באַלד איז ער געשטאָרבן.

„איך האָב קיין פאַרגעניגן נישט פון דעם", האָט זי אויסגעשריגן, די פרוי אין צער.

איך האָב זי אויפגעזעצט אויף אַ טריומף-וואָגן און האָב זי געפירט פון איין עק ערד צום אַנדערן.

באַזיגטע הערצער האָבן זיך געבוקט צו אירע פיס, און אַ הילך פון בראַוואָס האָט אויפגעשטיגן צום הימל.

שטאָלץ האָט געשיינט אין אירע אויגן אויף אַ רגע, און באַלד איז ער צערינען אין טרערן.

„איך האָב קיין פאַרגעניגן נישט פון באַזיגן", האָט זי אויסגעשריגן, די פרוי אין צער.

איך האָב זי געפרעגט: „זאָג מיר, ווען מען טוסטו זוכן?"
זי האָט נאָר געזאָגט: „איך וואַרט אויף יענעם מיט דעם נאָמען „נישט באַוווּסט".
טעג פאַרגייען און זי שרייט: „ווען וועט קומען מיין געליבטער, וואָס איך קען אים נישט, אום זיך באַקענען צו מיר אויף אייביק?"

## נח

דיין איז די ליכטיקייט, וואָס רייסט זיך דורך פון דער פינסטערניש, און דאָס גוטע, וואָס שפּראָצט פון דעם צעשפּאָלטענעם האַרץ פון שטרייט.

דיין איז דאָס הויז, וואָס גייט אַרויס אויף דער וועלט, און די ליבע, וואָס רופט צום מלחמה־פעלד.

דיין איז די מתנה, וואָס איז שטענדיק אַ געווינס, ווען אַלצ־דינק איז אַ פאַרלוסט, און דאָס לעבן, וואָס שטראָמט דורך די היילן פון טויט.

דיין איז דער הימל, וואָס ליגט אין דעם שטויב פון די אַלע, און דו ביסט דאָ פאַר מיר, דו ביסט דאָ פאַר אַלע.

## נט

ווען די מידיקייט פון וועג באַפאַלט מיך און דער דורשט פון דעם היימן טאָג; ווען די געשפענסטערישע שעהן פון בין־השמשות וואַרפן זייערע שאָטנס איבער מיין לעבן, דעמאָלט שריי איך נישט בלויז דו זאָלסט דיין שטים לאָזן הערן צו מיר, מיין פריינט, נאָר דו זאָלסט מיך אָנרירן.

ס׳איז אַזאַ נאָגעניש אין מיין האַרץ צוליב דער משא פון זיינע רייכטימער, וואָס זיינען דיר נישט געגעבן געוואָרן.

שטרעק־אויס דיין האַנט אין דער נאַכט אַריין, לאָמיך זי אָננעמען, דערפילן זי און האַלטן; לאָמיך פילן איר אָנרירונג דורך דער גאַנצער לענג פון מיין איינזאַמקייט.

ס

דער ריח שרייט אין דעם קנאָספּ: „ווײ איז מיר, דער טאָג פאַרגייט, דער גליקלעכער טאָג פון פרילינג, און איך בין אַ געפאַנגענער אין א תפיסה פון בלעטער".

נישט פאַרליר דעם מוט, שרעקעוודיק באַשעפעניש!

דיינע שטריק וועלן פּלאַצן, דער קנאָספּ וועט זיך עפענען אויף א בלום, און ווען דו שטאַרבסט אין דער פולקייט פון לעבן, אויך דעמאָלט וועט דער פרילינג ווייטער לעבן.

דער ריח צאַפּלט און פלאַטערט אין דעם קנאָספּ, שרייענדיק: „ווײ איז מיר, די שעהן גייען אַוועק, נאָר איך ווייס נישט, וווהין איך גיי, אָדער וואָס איז דאָס, וואָס איך זוך".

נישט פאַרליר דעם מוט, שרעקעוודיק באַשעפעניש!

דאָס פרילינג־ווינטל האָט דערהערט דיין פאַרלאַנג, דער טאָג וועט נישט אַוועק איידער דו וועסט דערפילן דיין דאָ־זיין.

טונקל איז די צוקונפט פאַר אים, און דער ריח שרייט מיט יאוש: „ווײ איז מיר, צוליב וועמענס שולד איז מיין לעבן אַזוי אָן באַדייטונג?"

„ווער קאָן מיר זאָגן, צו וואָס בין איך אינגאַנצן פאַראַן?"

נישט פאַרליר דעם מוט, שרעקעוודיק באַשעפעניש!

דער בין־השמשות איז נאָנט, ווען דו וועסט פאַרמישן דיין לעבן מיט אַלעם לעבן און דו וועסט דערקענען דיין צוועק.

## סא

זי איז אַלץ נאָך אַ קינד, מיין האַר.

זי לויפט אַרום ביי דיין פּאַלאַץ און שפּילט זיך, און זי וויל אויך פון דיר אַ שפּילצייג.

זי מערקט נישט, ווען אירע האָר פאַלן אַראָפּ, און איר צע־לאָזן קלייד שלעפּט זיך אין שטויב.

זי שלאָפט־איין, ווען דו רעדסט צו איר, און ענטפערט נישט — און די בלום, וואָס דו האָסט איר געגעבן אינדערפרי, גליטשט זיך אַרויס פון אירע הענט אין שטויב אַריין.

ווען דער שטורם צעשפּילט זיך און די פינסטערניש לייגט זיך איבערן הימל, דעמאָלט שלאָפט זי נישט, איר שפּילצייג ליגט דעמאָלט צעוואָרפן אויף דער ערד און זי טוליעט זיך צו דיר פול שרעק.

זי שרעקט זיך, זי זאָל נישט עפּעס פאַרפעלן פון דינסט פאַר דיר.

נאָר מיט אַ שמייכל באַטראַכסטו זי ביי איר שפּיל.

דו קענסט זי.

דאָס קינד, וואָס זיצט אין שטויב, איז דיין באשערטע כּלה; איר שפּיל וועט באַרויקט און פאַרטיפט ווערן און עס וועט ווערן ליבע.

## סב

„וואָס איז פאַראַן אַ חוץ דעם הימל, אָ, זון, וואָס זאָל קאָ-
נען טראָגן דיין געשטאַלט?"

„איך חלום פון דיר, אָבער דיר צו דינען קאָן איך קיינמאָל
נישט האָפן", אַזוי וויינט דער טראָפּן טוי און זאָגט: „איך בין צו
קליין דיך אַריינצונעמען אין מיר, גרויסער האַר, און מיין לעבן
איז לויטער טרערן".

„איך באַלייכט דעם הימל, וואָס אָן גרענעצן, דאָך קאָן איך
זיך אָוועקגעבן אין אַ דינצעשיקן טראָפּן טוי — אַזוי האָט די זון
געזאָגט—איך וועל פון מיר מאַכן בלויז אַ פונק ליכט און וועל
דיך אָנפולן, און דיין קליין לעבן וועט ווערן אַ לאַכנדיקע קויל".

## סג

נישט פאַר מיר איז אַ ליבע, וואָס ווייס נישט פון קיין שום צוריקהאַלט, גלייך צו אַ ש׳וימענדיקן ווייַן, וואָס האָט אויפגעריסן זיין געפעס און צעגיסט זיך מיטאַמאָל צו ווייט.

שיק מיר די ליבע, וואָס איז קיל און ריין, גלייך צו דיין רעגן, וואָס בענטשט דיין דורשטיקע ערד און פילט-אָן די היימישע ערדענע קריגן.

שיק מיר די ליבע, וואָס זאַפּט זיך איין אין דעם צענטער פון דאָ-זיין, און פון דאַנען וועט זי זיך פאַנאַנדערגיסן, אַזוי ווי אַ פאַרהוילענער זאַפט, דורך דעם פאַצווייגטן בוים פון לעבן, און געבן באַפרוכטונג פאַר פירות און בלומען.

שיק מיר די ליבע, וואָס האַלט דאָס האַרץ רויק מיט דער שטילקייט פון פרידן.

די זון האָט זיך געזעצט אויף דעם מערב־ברעג פון טײַך צווישן די פאַרפלאָנטערטע צווייגן פון וואַלד.

די קלויסטער־ייִנגען האָבן אַהיימגעבראַכט די בהמות און האָבן זיך געזעצט אַרום דעם פייער צוצוהערן צו די ווערטער פון לערער, גאַוטאַמאַ, ווען אַ פרעמד ייִנגל איז געקומען, האָט אים באַגריסט מיט פירות און בלומען און, נידעריק געבויגן צו זיינע פיס האָט ער גערעדט מיט אַ שטים ענלעך צו אַ שטים פון אַ פייגעלע „האַר, איך בין געקומען צו דיר אויפגענומען צו ווערן אין דעם וועג פון דעם העכסטן אמת. מיין נאָמען איז סאַטיאַקאַמאַ".

„ברכות אויף דיין קאָפּ", האָט דער לערער געזאָגט.

„פון וועלכן שטאַם ביסטו, מיין קינד? ווייל עס שיקט זיך נאָר פאַר אַ בראַהמין צו שטרעבן צו דער העכסטער חכמה".

„לערער, האָט געענטפערט דאָס ייִנגל, איך ווייס נישט פון וואָסערן שטאַם איך קום אַרויס. איך וועל גיין פרעגן מיין מוטער".

אַזוי זאָגנדיק, האָט סאַטיאַקאַמאַ גענומען אָפּשייד, איז דורך דעם פלאַכן טייך און איז צוריקגעקומען צו זיין מוטערס שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ביים עק פון דער זאַמדיקער וויסטעניש, וואָס ביים גרענעץ פון דעם שלאָפנדיקן דאָרף.

די לאָמפּ האָט געברענט טונקל אין דעם שטיבל, די מוטער איז געשטאַנען ביי דער טיר, וואַרטנדיק אין דער פינסטער ניש אויף דעם צוריקקער פון איר זון.

זי האָט אים צוגעדריקט צו איר בוזעם, האָט געקושט זיינע האָר און האָט אים געפרעגט וועגן זיין שליחותן ביים לערער.

„ווי האָט געהייסן מיין פאָטער, טייערע מוטער?" — האָט דאָס ייִנגל געפרעגט.

„עס שיקט זיך נאָר פאַר אַ בראַהמין צו שטרעבן צו דער העכסטער חכמה", האָט האַר גאַוטאַמאַ געזאָגט צו מיר.

די פרוי האָט אַראָפּגעלאָזט אירע אויגן און האָט גערעדט שטילערהייט.

אין מיין יונגהייט בין איך געווען אָרעם און האָב געהאַט עטלעכע האַרן. דו, מיין קרוין, ביסט געקומען אין די אָרעמס פון דיין מאַמע יאַבאַלאַ, וועלכע האָט קיין מאַן נישט געהאַט".

די ערשטע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך געגליטשט איבער די שפּיץ־ביימער פון דעם וואַלד ביים קלויסטער.

די תּלמידים מיט זייערע צעשויבערטע האָר, נאַס נאָך פון זייער פרימאָרגן־באָד, זיינען געזעסן אונטער דעם בוים פון אַלטע צייטן, פאַר זייער לערער.

דאָ איז אָנגעקומען סאַטיאַקאַמאַ.

ער האָט זיך נידעריק געבוקט צו די פיס פון געלערנטן מאַן און איז געשטאַנען שטילשווייגנדיק.

„זאָג מיר", האָט דער גרויסער לערער אים געפרעגט, „פון וועלכן שטאַם ביסטו?"

„מיין האַר", האָט ער געענטפערט, „איך ווייס דאָס נישט. מיין מוטער, אַז איך האָב זי געפרעגט, האָט געזאָגט אַזוי: „איך האָב געדינט עטלעכע האַרן אין מיין יונגהייט, און דו ביסט געקומען אין די אָרעמס פון דיין מוטער יאַבאַלאַ, וועלכע האָט קיין מאַן נישט געהאַט".

באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ געטומל, גלייך צו דעם בייזן גערויש פון בינען, וואָס זיינען געשטערט געוואָרן אין זייער בינען־

שטאָק, און די תּלמידים האָבן געמורמלט אויף דער אומפאַרשעמטער חוצפּה פון דעם אויסוווּרף.

לערער גאַוטאַמאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין געזעס, האָט אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס, האָט גענומען דאָס יינגל צו זיין בוזעם, און האָט געזאָגט: „בעסער פאַר אַלע בראַהמינס ביסטו, מיין קינד. דו האָסט די איידעלסטע ירושה פון אמת".

## סה

ס׳קאָן זיין, אַז איין הויז געפֿונט זיך אין דער דאָזיקער שטאָט, ווו דאָס טויער ווערט געעפֿנט אויף אייביק אין איצטיקן פֿרימאָרגן ביי דעם אָנריר פֿון זון־אויפֿגאַנג, ווו דאָס שליחות פֿון ליכט ווערט אויסגעפֿירט.

די בלומען האָבן זיך געעפֿנט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע גערטנער, און עס קאָן זיין: א יי ן הארץ איז פֿאַראַן, וואָס האָט אין זיי געפֿונען אין איצטיקן פֿרימאָרגן די מתּנה, וואָס האָט געוואַנדערט איר וועג דורך צייטן אָן אַ סוף.

## סו

האָרך, מיין האַרץ, אין זיין פלייט איז די מוזיק פון דעם ריח פון ווילדע בלומען, פון בלעטער, וואָס גלאַנצן, פון וואַסערן, וואָס שימערן, פון שאָטנס, פאַרציטערט דורך די פליגל פון בינען.

די פלייט האָט געגנבעט זיין שמייכל פון מיין פריינטס ליפּן אַראָפּ און האָט אים צעגאָסן איבער מיין לעבן.

## טז

דו ביסט שטענדיק געשטאַנען אַליין, הינטער דעם שטראָם פֿון מיינע געזאַנגען.

די כוואַליעס פֿון מיינע מעלאָדיעס האָבן געוואַשן דיינע פֿיס, אָבער איך ווייס נישט, ווי אַזוי זיי צו דערגרייכן.

אָט דאָס שפּיל פֿון מיר מיט דיר איז אַ שפּיל פֿון דערווייטן.

עס איז דער צער פֿון צעשיידונג, וואָס גיסט זיך אין אַ מע־לאָדיע דורך מיין פֿלייט.

איך וואַרט אויף דער צייט, ווען דיין שיפֿל וועט אַריבער־שווימען צו מיין ברעג, און דו וועסט נעמען מיין פֿלייט אין דיינע אייגענע הענט.

## סח

פלוצלינג האָט זיך היינטיקן פרימאָרגן אויפגעפּראַלט דאָס פענסטער פון מיין האַרץ, דאָס פענסטער, וואָס גייט אַרויס אין דיין האַרץ.

איך האָב מיך געוווּנדערט, ווען איך האָב געזען, אַז דער נאָמען, ביי וועלכן דו קענסט מיך, איז אויסגעשריבן אויף די אַפּריל-בלעטער און בלומען, און איך בין געזעסן שטיל.

דער פאָרהאַנג איז אויף איין מאָמענט אַוועקגעצויגן געוואָרן צווישן מיינע געזאַנגען און דיינע.

איך האָב דערזען, אַז דיין פרימאָרגן-ליכט איז פול פון מיינע אייגענע שטומע נישט-געזונגענע געזאַנגען; איך האָב געטראַכט, איך וועל זיי זיך אויסלערנען, זיצנדיק ביי דיינע פיס, — און שטיל בין איך געזעסן.

## סט

דו ביסט געווען אין מיטן פון מיין האַרץ, און דעריבער ווען מיין האַרץ האָט געוואַנדערט, האָט עס דיך קיינמאָל נישט געפונען; דו האָסט זיך באַהאַלטן פון מיין ליבשאַפט און האָפענונגען ביז צום סוף, ווייל דו ביסט שטענדיק געווען אין זיי.

דו ביסט געווען די אינערלעכסטע פרייד, אין דעם שפּיל פון מיין יונגהייט, און ווען איך בין געווען צו פעסט פאַרנומען מיטן שפּיל, איז די פרייד אַריבער.

דו האָסט געזונגען צו מיר אין די עקסטאַזן פון מיין לעבן, און איך האָב פאַרגעסן צו דיר צו זינגען.

ע

ווען דו האַלטסט דיין לאָמפּ אין הימל, וואַרפט זי איר ליכט אויף מיין פנים און איר שאָטן פאַלט אויף דיר.

ווען איך האַלט די לאָמפּ פון ליבע אין מיין האַרץ, פאַלט איר ליכט אויף דיר, און איך בלייב שטיין הינטן אין שאָטן.

## עא

אָ, די כוואַליעס, די הימל־איינשלינגענדיקע כוואַליעס, וואָס גלאַנצן מיט ליכט, טאַנצן מיט לעבן, די כוואַליעס פון שטורמענדי־קער פרייד, רוישנדיקע אויף אייביק.

שטערן שאָקלען זיך איבער זיי, געדאַנקען פון אַלערליי פאַרבן ווערן אַרויסגעשליידערט פון דער טיפעניש און צעשפּרייט איבער דעם ברעג פון לעבן;

געבורט און טויט ווערן דערהויבן און פאַלן מיט זייער ריט־מוס, און דער ים־פויגל פון מיין האַרץ שפּרייט אויס זיינע פליגל, שרייענדיק פאַר נחת.

## עב

די פרייד גיסט זיך פון דער גאַנצער וועלט אַרומצובויען מיין לייב.

די ליכטיקייטן פון די הימלען קושן און קושן עס, ביז עס דערוואַכט.

בלומען פון זומערס, וואָס איילן, זיפצן אין זיין אָטעם, און קולות פון ווינטן און וואַסער זינגען אין זיינע באַוועגונגען.

די ליידנשאַפט פון דעם שטראָם קאָלירן אין וואָלקנס און וועלדער האָט אַריינגעהויכט אין אים לעבן, און די מוזיק פון אַלצדינג אויף דער וועלט האָט אויסגעצערטלט זיינע גלידער און געגעבן זיין פאָרם.

עס איז מיין כלה, — וואָס האָט אָנגעצונדן איר לאָמפּ אין מיין הויז.

עג

דער פרילינג מיט זיינע בלעטער און בלומען איז געקומען אין מיין לייב אריין.

די בין רוישט־ארום דעם גאנצן פרימארגן, און די ווינטן שפילן פאמעלעך מיט די שאטנס.

א זיסער קוואל עפנט זיך פון הארצן, פון מיין הארץ.

מיינע אויגן זיינען געוואשן מיט נחת, אזוי ווי דער פרי־מארגן אין טוי געבאדן, און לעבן ציטערט אין אלע מיינע גלידער, גלייך ווי די ברומענדיקע סטרונעס פון א הארפע.

צי וואנדערסטו איינער אליין ביי דעם ברעג פון מיין לעבן, ווו דאס וואסער נעמט־צו, א, דו געליבטער פון מיינע טעג אן א סוף?

צי פלאטערן מיינע חלומות ארום דיר אזוי ווי די זומער־פייגעלעך מיט זייערע פארשיידנפארביקע פליגל?

און צי זיינען דאס דיינע געזאנגען, וואס קלינגען אפ פון די פינסטערע היילן פון מיין קיום?

ווער, אויב נישט דו, קאן פארנעמען דאס געברום פון די פיל שעהן, וואס טראגט זיך היינט אין מיינע אדערן, די פריילעכע שריט, וואס טאנצן אין מיין הארץ, דעם ליארם פון אומרויק לעבן, וואס שלאגט־אן מיט זיינע פליגל אן מיין לייב?

## עד

פײנע שטריק זײנען צעריסן, מײן חוב באַצאָלט, מײן טיר איז אױפגעפּראַלט, אומעטום קאָן איך גײן.

זײ זיצן אײנגעבױגן אין זײער װינקל און װעבן דאָס געװעב פון די בלאַסע שעהן, זײ צײלן זײערע גראָשנס זיצנדיק אין שטוב, און זײ רופן מיך צוריק.

נאָר געשאַרפט איז מײן שװערד, איך האָב אָנגעגורט מײן פלי־זין, מײן פערד גאַרט צו לױפן.

איך װעל געװינען מײן קעניגרײך.

## עה

ווי לאַנג איז עס אינגאַנצן, אַז איך בין געקומען אויף דיין ערד, נאַקעט און אָן נאָמען, מיט אַ קלאָג־געשריי.

היינט צו טאָג איז מיין שטים פריילעך, בשעת דו, מיין האר, שטייסט אָן אַ זייט פלאַץ צו מאַכן, אַז איך זאָל קאָנען אויספילן מיין לעבן.

אפילו ווען איך ברענג צו דיר מיינע געזאַנגען פאַר אַ קרבן, האָב איך די באַהאַלטענע האָפענונג, אַז מענטשן וועלן קומען און מיך ליב האָבן דערפאַר.

דו האָסט ליב זיך צו דערוויסן, אַז איך האָב ליב די וועלט, וואָס דו האָסט מיך געבראַכט אויף איר.

## ער

שרעקעוודיק האָב אין מיך פאַרשטעקט אין שאָטן פון זיכערקייט, אָבער איצט ווען די כוואַליע פון פרייד טראָגט מיין האַרץ אויף איר קאַם, קלאַמערט זיך מיין האַרץ צום אכזריותדיקן פעלז פון זאָרג.

איך בין געזעסן אַליין אין אַ ווינקל פון מיין הויז, און האָב געמיינט, אַז ס׳איז צו נידעריק פאַר אַ גאַסט, אָבער איצט ווען די טיר איז אויפגעפראַלט דורך אַן אומגעבעטענער פרייד, זע איך, אַז פלאַץ איז דאָ פאַראַן פאַר דיר און פאַר גאָר דער וועלט.

איך בין געגאַנגען אויף די שפיץ-פינגער, זייער באַדאַכט וועגן מיין פערזאָן, פאַרפומידט און אויסגעפוצט — אָבער איצט, ווען אַ פריילעכער ווירבל-ווינט האָט מיך אומגעקערט אין שטויב, לאַך איך און לויף איבער דער ערד צו דיינע פיס-צו, אַזוי ווי אַ קינד.

## עז

דיין איז די וועלט, איינמאָל און אויף אייביק.

און ווייל דו, מיין קעניג, האָסט קיין באַגער נישט, היסטו נישט קיין פאַרגעניגן פון דיין עשירות.

ס׳זעט אַזוי אויס, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען.

דעריבער גיסטו מיר אין שפּעטער צייט, וואָס ריין איז, און אָן אויפהער געווינסטו דיין קעניגרייך אין מיר.

טאָג פאַר טאָג קויפסטו אויס דיין זון-אויפגאַנג פון מיין האַרץ, און דו געפונסט דיין ליבע אויסגעקריצט אין דעם בילד פון מיין לאַכן.

עה

צו די פייגל האָסטו געגעבן לידער, די פייגל האָבן דיר לידער צוריקגעגעבן.

מיר האָסטו נאָר אַ שטים געגעבן, נאָר דו פאַרלאַנגסט מער, און איך זינג.

דו האָסט דיינע ווינטן געמאַכט גרינג, און זיי זיינען פלינק אין דיין עבודה. מיינע הענט האָסטו שווער באַלאָדן, אַז איך אַליין זאָל זיי מאַכן גרינג, און אַז, סוף-כל-סוף, זאָל איך געווונען נישט-באַלאַסטעטע פרייהייט פאַר דיין עבודה.

דיין ערד האָסטו באַשאַפן, אָנפילנדיק אירע שאָטנס מיט שטיקער ליכט.

און דו האָסט גערוט; מיט ליידיקע הענט האָסטו מיך געלאָזט אין שטויב צו באַשאַפן דיין הימל.

די אַלע אַנדערע זאַכן האָסטו געגעבן; פון מיר פאַרלאַנגסטו.

דאָס גערעטעניש פון מיין לעבן ווערט צייטיק אין זון און רעגן ביז איך שנייד מער ווי דו האָסט געזייט, דערפרייענדיק דיין האַרץ, אָ, דו האַר פון די גאָלדענע קאָרנפעלדער.

## עט

לאָמיך ניט בעטן צו זיין באַשירעמט פון סכנות, נאָר צו זיי אָן מורא אַנטקעגן זיי.

לאָמיך ניט בעטלען, אז מיין צער זאָל אויפהערן, נאָר אַז איך זאָל האָבן האַרץ דעם צער גובר צו זיין.

לאָמיך ניט זוכן פאַרבינדעטע אויפן מלחמה־פעלד פון לעבן, נאָר מיין אייגענע גבורה.

לאָמיך ניט בעטן מיט ציטעריקער מורא צו זיין געראַטעוועט, נאָר צו האָפן אויף געדולד, כדי מיין פרייהייט צו געווינען.

זיי מיר ערב, אַז איך וועל ניט ווערן אַ שרעקעוודיקער, צו שפירן דיין גנאָד נאָר אין מיין הצלחה אַליין; נאָר מאַך מיך פילן דעם דרוק פון דיין האַנט, ווען איך בין געשטרויכלט.

פּ

דו האָסט דיך אַליין נישט געקענט, ווען דו האָסט געוווינט אַליין, און קיין אויסגעשריי פון אַ בשורה איז נישט געוועזן צו הערן, ווען דער ווינט האָט געיאָגט פון דעם וועג צו יענעם.

איך בין געקומען און דו האָסט אויפגעוואַכט, און די הימלען האָבן גענומען בליען מיט ליכטלעך.

דו האָסט מיך געמאַכט אַרויסשפּראָצן פון פיל בלומען, האָסט מיך אויסגעהאָדעוועט אין די וויגעלעך פון פיל פאָרמען; האָסט מיך פאַרבאָרגן אין טויט און מיך ווידער געפונען אין לעבן.

איך בין געקומען, און דיין האַרץ איז געוואָרן פול; צער איז געקומען און פרייד.

דו האָסט מיך אָנגערירט און האָסט אָפּגעקלינגען אין ליבע.

אָבער אויף מיינע אויגן איז אַ שלייער פון בושה און אין מיין ברוסט איז מורא; מיין פּנים איז פאַרהילט און איך וויין ווען איך קאָן דיך נישט זען.

נאָר איך ווייס: אין דיין האַרץ איז אַ ברענענדיקער דורשט מיך צו זען, דער דורשט, וואָס שרייט ביי מיין טיר אין דעם כסדרדיקן קלאַפּן פון זון-אויפגאַנג.

## פא

דו, אין דיין וואַכן וואָס אָן צייט, הערסט דיך צו צו מיינע צוקומענדיקע טריט, בשעת דיין פרייד זאַמלט זיך אין פרימאָרגנ-דיקן בין-השמשות און בלאָזט זיך דורך אין אויסברוך פון ליכט.

וואָס נענטער איך קום צו דיר, אַלץ טיפער ווערט דאָס צי-טערניש פון ים.

דיין וועלט איז אַ פאַרצווייגטער בוים פון ליכט אין דיינע הענט, נאָר דיין הימל איז מיין באַהאַלטן האַרץ; פאַמעלעך עפנט עס די בלעטלעך אין צניעותדיקער ליבע.

פב

איך וויל אַרויסזאָגן דיין נאָמען, ווען איך וועל זיצן אַליין צווישן די שאָטנס פון מיינע שווייגנדיקע געזאַנגען.

איך וועל אים אַרויסזאָגן אָן ווערטער, איך וועל אים אַרויס־זאָגן אָן צוועק.

ווייל איך בין גלעכן צו אַ קינד, וואָס רופט צו זיין מוטער הונדערט מאָל, צופרידן וואָס עס קאָן זאָגן „מוטער".

## פג

1

איך פיל, אַז אַלע שטערן שײַנען אין מיר.
די וועלט רײַסט זיך אַרײַן אין מײַן לעבן, אַזוי ווי אַ ים ווען ער צעגיסט זיך.
בלומען בליען אין מײַן גוף.
די גאַנצע יוגנט-פֿולקייט פֿון יבשה און ים גייט אויף חי-ווײַרויך אין מײַן האַרץ; און דער אָטעם פֿון אַלע זאַכן שפּילט אויף מײַנע געדאַנקען ווי אַ פֿלייט.

2

ווען די וועלט שלאָפֿט קום איך צו דײַן טיר.
די שטערן שווײַגן און איך האָב פֿורכט צו זינגען.
איך וואַך און וואַרט ביז דײַן שאָטן וועט גיין פֿאַרבײַ דעם גאַנעק פֿון נאַכט, און איך קער זיך אום מיט א פֿול האַרץ.
דעמאָלט, פֿרימאָרגנצײַט, זינג איך בײַ דעם זײַט-וועג.
די בלומען פֿון געדעכטל ענטפֿערן מיר, און די פֿרימאָרגן-לופֿט הערכט זיך אײַן.
די וואַנדערער בלײַבן פּלוצלינג שטיין און קוקן מיר אין פּנים אַרײַן, זיי מײנען, איך האָב זיי גערופֿן בײַ די נעמען.

3

האַלט מיך בײַ דײַן טיר איך זאָל שטענדיק דערפֿילן דײַנע ווונטשן און לאָז מיך גיין אַרום דײַן מלוכה גרייט צו דײַן רוף.
לאָז מיך נישט זינקען און פֿאַרשווינדן אין דער טיפֿעניש פֿון שלאַפֿקייט.

לאָז נישט מיין לעבן זאָל ווערן אויסגעטראָגן אויף סמאַטעס
אײדער ס׳ווערט צונישט.

לאָז נישט די ספקות מיך איינקלאַמערן — דער שטויב פון
צערודערונג.

לאָז מיך נישט אַרומגיין אויף פיל וועגן צו זאַמלען פיל
זאַכן.

לאָז נישט מיין האַרץ זאָל זיך בייגן אונטער דעם יאָך פון
די פילע.

לאָז מיך הויך האַלטן מיין קאָפּ, מיט קוראַזש און שטאָלץ
וואָס איך בין דיין דינער.

פד

# די וויאָסלאַרעס

צי הערסטו ווייט דאָרט דעם טויט רוישן, —

דעם רוף אין מיטן פון פייער־אויסגוסן און פאַרגיפטעטע זוואָלקנס, —

דעם רוף פון קאַפּיטאַן צו דעם שטייערמאַן ער זאָל קערע־ווען די שיף צום ברעג אָן־נאָמען?

ווייל אַריבער איז שוין די צייט — די באַלאַמוטשעטע צייט אין פּאָרט —

אַ ווו אַלץ דער אייגענער אַלטער רימל ווערט געקויפט און פאַרקויפט אין אַ ראָד אָן ענד —

אַ ווו טויטע זאַכן טרייבן זיך אַרום אין הוילקייט און לער־קייט פון אמת.

זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין אַ פּלוצלינגער מורא און גע־פרעגט: „חברים, וואָסערע שעה האָט דער זייגער געשלאָגן? ווען וועט אָנהויבן צו טאָגן?"

די וואָלקענעס האָבן פאַרשמירט די שטערן —

ווער איז דאָ אַזוינער, וואָס קאָן דערזען דעם ווינקענדיקן פינ־גער פון טאָג?

זיי לויפן אַרויס מיט די וויאָסלעס אין די הענט, די בעטן שטייען ליידיק, די מאַמע בעט צו גאָט, דאָס ווייב וואַרט ביי דער טיר;

עס שטייט אַ געוויין פון אָפּשייד און דערהייבט זיך צום הימל, און דעם קאַפּיטאַנס שטים הערט זיך אין דער פינסטערניש: „קומט, ים־לייט, ווייל די צייט אין פּאָרט איז אַריבער".

אַלדאָס שוואַרצע בייז אין דער וועלט האָט זיך איבערגע־
גאָסן איבער די ברעגעס,

אָבער, איר וויאָסלאַרעס, פאַרנעמט אייערע פלעצער מיט
דער ברכה פון טרויעריקייט אין אייערע נשמות!

ווען טוט איר שעלטן, ברידער? בייגט־איין אייערע קעפ!
די זינד איז אייערע געווען און אונזערע.

דער ברען, וואָס גליט אין גאָטס הארץ פון דורות—דאָס
פחדנות פון שוואַכן, די גאוה פון שטאַרקן, די גיריקייט פון
פעטן בעל־מוצלח, די פאַרביטערטקייט פון באַעולטן, שטאָלץ פון
ראַסע און מענטשלעכע באַליידיקונג — האָבן צעבראָכן גאָטס פרידן,
האַסטיק אין שטורעם.

אַזוי ווי אַ צייטיקע שאָל, זאָל דער שטורעם־ווינט צעברעכן
זיין אייגן האַרץ אויף שטיקלעך, פאַרשפּרייטנדיק דונערס.
הערט־אויף מיט אייער מורמלען פון באַרעדן און זיך־אַליין־
לויבן,

און מיט דער רויקייט פון אַ שטיל געבעט אויף אייער
שטערן וויאָסלעוועט אַהין צום ברעג אָן־נאָמען;

מיר האָבן געקענט זינד און שלעכטס יעדן טאָג און טויט
האָבן מיר געקענט;
זיי ציען איבער אונזער וועלט אַזוי ווי וואָלקענעס, אונז
אויסצוגענאַרן מיט אַ בליציקן לאַכן אויף אַ ווייל.
פלוצלינג זיינען זיי געבליבן שטיין, און געוואָרן שרעקנ־
דיקע פאַרזעענישן.
און מענטשן מוזן שטיין פאַר זיי און זאָגן:

„מיר האָבן נישט קיין מורא פאַר דיר, פאַרזעעניש! ווייל יעדן טאָג האָבן מיר געלעבט דורך גובר-זיין דיך,

און מיר שטאַרבן מיט דער אמונה, אַז פרידן איז וואָר, און גאָט איז וואָר, און וואָר, איז דער אייביקער איינציקער".

אויב דער אומשטערבלעכער ווינט נישט אין האַרץ פון טויט,

אויב געבענטשטע חכמה בליט נישט אויפרייסנדיק די שייד פון טרויער,

אויב זינד טוט נישט שטאַרבן אין איר אייגענער נאַקעטקייט

אויב גאווה ווערט נישט געבראָכן אונטער דער לאַסט פון באַפּיצונגען,

ווי-זשע קומט די האָפענונג, וואָס ט'ייבט אָט די מענטשן פון זייער היים, געגליכן צו שטערן, וואָס אײלן זיך אַנטקעגן זייער טויט אין דעם ליכט פון באַגינען?

צי זאָל דער ווערט פון אַ מאַרטירערס בלוט און אַ מאַמעס טרערן זיין אינגאַנצן פאַרלוירן אין שטויב פון דער ערד, נישט אָפּקויפן דעם הימל פאַר זיין פרייז?

און ווען דער מענטש צעבּרעכט זיינע שטערבלעכע גרענעצן, צי ווערט דער וואָס אָן גרענעץ נישט אַנטפּלעקט אין דעם איי-גענעם אויגנבליק?

פה

## דאָס ליד פון דעם דערשלאָגענעם

מיין האַר האָט מיר באַפוילן, ווען איך בין געשטאַנען ביים זייט וועג, צו זינגען דאָס ליד פון דערשלאָגנקייט, ווייל דאָס איז די כלה, וואָס צו איר גלוסט ער שטילערהייט.

זי האָט אָנגעטאָן איר טונקעלן וואַל, כדי צו פאַרשטעלן איר פנים פון דעם המון, אָבער דער דימענט גליט אויף איר ברוסט אין דער טונקלקייט.

זי איז פארלאָזן פון טאָג, און גאָטס נאַכט וואַרט אויף איר מיט לאָמפּן אָנגעצינדענע און בלומען פייכטע פון טוי.

זי שווייגט מיט אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן; זי האָט געלאָזן איר היים הינטער זיך, פון איר היים איז געקומען אָט דער יאָמער אין ווינט.

אָבער די שטערן זינגען דאָס ליבע-ליד פון דעם אייביקן צו אַ פנים זיס פון בושה און צער.

די טיר אין דעם איינזאַמען חדר איז אויפגעמאַכט געוואָרן, דער רוף האָט געקלינגען, און דאָס האַרץ פון דער פינסטערניש קלאַפּט אין שרעק פאַר דער קומענדיקער באַגעגעניש פון חתן-כלה.

## פו

# דאָס ליד פון דאַנק*

יענע, וואָס גייען אויפן וועג פון גאוה, צעטרעטנדיק דאָס נידעריקע לעבן אונטער זייערע טריט, באַדעקנדיק דאָס איידעלע גרין פון דער ערד מיט זייערע פיס-צייכן אין בלוט;

זאָלן זיי זיך פרייען און דיר דאַנקען, האַר, ווייל דער טאָג געהער צו זיי.

אָבער איך בין פול מיט דאַנק, וואָס מיין שטעל איז ביי די געמיינע לייט, וואָס ליידן און טראָגן די משא פון מאַכט און באַהאַלטן זייערע פנימער און דערשטיקן זייערע זיפצן אין דער פינסטער.

ווייל יעדער טיק-טאַק פון זייער צער צעגייט זיך אין די באַהאַלטענע טיפענישן פון דער נאַכט, און יעדע באַליידיקונג איז בעזאַמלט געוואָרן אין דער גרויסער שטומקייט.

און דער פרימאָרגן געהער צו זיי.

אָ, זון! דערהייב זיך איבער בלוטנדיקע הערצער, בליענדיק אין די בלומען פון באַגינען, און די הולטאַישע שטורקאַצן פון באנה נוערן צו אַש.

## באַמערקטע דרוק־פעלערן:

ז׳ 17 שורה 1 אָנשטאָט „געהעשלט״ דאַרף זיין „געהעשעט״.

